נח מישקאָווסקי

# עטיאָפּיע

## אידן אין אַפריקע און אַזיע



באָראָכאָוו יוגנט ביבליאָטעק

שערבלאַט געצייכנט פון ראובן ליף

●

## שוין דערשינען:

דער קינדער סטרייק (א צוויי אקטער פאר קינדער), פרייז 30ס.
עטיאָפּיע און די פאַלאַשן (אויך וועגן די אידן אין כינע און תימן), פרייז 1 דאלאר.
טייבעלע — א פּראַכטפולער בוך קינדער-לידער פון רבקה גאלין, פרייז 1 דאלאר.

---

אין פארלויף פון דעם יאָר וועלן דערשיינען ביכער
פון נח מישקאָווסקי

1) מיין רייזע ארום דער וועלט, אין צוויי טיילן.
2, דער קאַנטאָניסט (א ראָמאן פאר דער יוגנט פון קאַנטאָניסטן לעבן.)
3) שמרונים.
4) די אידן אין אינדיע.
5) א רייזע איבער ארץ ישראל.
6) מעשות פון דער וועלט (א בוך מיט דערציילונגען).
7) אויך א בוך לידער פאר דערוואקסענע פון דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער דיכטערן רבקה גאלין.

---

אדרעס:
N. Mishkowsky, 2086 Daly Ave. New York, N. Y.

●



●

M. Ceshinsky, Publisher, 2720 W. Division St., Chicago, Ill




POSY-SHOULSON PRESS, 19 W. 21st St., N. Y.



234

# עטיאָפּיע



אַזיע
אַפריקאַ
מיטעללענדישער ים
איטאַליע
ליביאַ
עגיפּטען
נילוס
קאַיראָ
סועץ קאַנאַל
ארץ ישראל
באַגדאַד
רויטער ים
מעקאַ
אַדען
עריטרעאַ
בריטיש סאָמאַלילענד
איטאַליעניש סאָמאַלילענד
אַדיגראַט
אדדיס אַבּאַבּאַ
עטיאָפּיאַ
אַנגלאָ עגיפּטישער סודאַן
אוגאַנדאַ

# 1

## מאַסאַוואַ

פאָרנדיק פון דער אַראַבישער מלוכה תימן מיטן רויטן ים, האָבן מיר זיך דערנענטערט צו מאַסאַוואַ, איינעם פון די וויכטיקסטע האַפנס אויפן רויטן ים, וועלכער געפינט זיך אין דער פּראָווינץ עריטרייאַ, אויף דער צפון-מזרח זייט פון אַפריקע אין שכנות מיט עטיאָפּיע, אָדער אַבעסיניע. די פּראָווינץ איז אַן איטאַליענישע קאָלאָניע.

ניט ווייט פון מאַסאַוואַ האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. עס זיינען אַרויף די איטאַליענישע ברעג-באַאַמטע און דאָקטוירים, באַקוקט אונדזערע פּאַספּאָרטן און וויזעס, אונטערזוכט אונזער געזונט, גע-שטעלט אַ פּאָר פראַגן און — מיר מעגן אַראָפּשטייגן אויפן אַפרי-קאַנער ברעג. לאַנגזאַם דערנענטערט זיך אונדזער שיף צום פּאָרט און שטאָט מאַסאַוואַ. אָט באַווייזען זיך שוין די הויכע געביידעס פון דער שטאָט ,אָט באַמערקען מיר שוין דעם האַפען ,אָט דערזעען מיר שוין די מענטשן, וואָס וואַרטן אויף דער אָנקומענדיקער שיף. די מענטשן דאָרטן אויפן ברעג זיינען אַלע שוואַרצע. זעלטן, גאָר זעלטן קען מען באַמערקן עמיצן פון דער ווייסער ראַסע, און אויב יע, זיינען זיי אַזוי פאַרברענט, אַז זיי זעען אוים ווי האַלב שוואַרצע.

כמעט אַלע זיינען אָנגעטאָן אין ווייסן, מיט הוילע קעפּ און גייען באָרוועס. אַ סך רינגלען אונדז אַרום אויף קליינע שיפלעך, יאָגן זיך נאָך אונדזער ריזיקער שיף „טריעסט". זיי שרייען אַרויף צו אונז, לייגן אונדז, קענטיק, פאָר די סחורה, וואָס זיי האָבן אויף די שיפלעך.

אונדזער שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט, און אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער זיינען מיר שוין אויף דער יבשה. טויזנטער שוואַרצע שרייען, מאַכן מיט די הענט ,שטופּן זיך, שלאָגן פאָר צו קויפן פרוכט, גרינס, אויסשניצונגען, צאַצקעס און אַנדערע זאַכן.

אַ טומל ניט אויסצוהאַלטן.

דאָס ערשטע, וואָס עס לאָזט זיך שטאַרק פילן, איז די היץ. מאָסאַוואַ געפינט זיך אַרום 15 גראַד איבערן עקוואַטאָר, דעם מיטל־פּאַס פון דער ערד, דאָס הייסטע אָרט.

איך האָב פאַרבראַכט אין די טראָפּישע לענדער אַ שטיקל צייט און איך בין זיכער, אַז דאָ אין מאָסאַוואַ איז נאָך אַ סך הייסער ווי באַם עקוואַטאָר. עס ברענט אומרחמנותדיק. ס'איז פּשוט אוממעגלעך צו שטיין אונטער דער ברענענדיקער זון. רוקסט אַראָפּ דעם ברייטן הוט מער איבערן פּנים, באַהאַלטסט די הענט אין די קעשענעס, זיי זאָלן אַזוי ניט ברענען. און אָנגעטאָן ביסטו לייכט, דאַכט זיך, לייכטער קען מען שוין ניט: אין אַ ווייס העמד און ווייסע הויזן, ווייסע סאַנדאַלן און אַ ברייטן ווייסן שטרויענעם הוט. די היץ ברענט דיר דורך דאָס גאַנצע לייב. עס ברענט ווי אין אַ הייסן אויוון.

דאָס צווייטע, וואָס האָט מיך איבערראַשט, איז די שוואַרצקייט פון דער באַפעלקערונג. איך האָב געטראָפן אַ סך שוואַרצע אין אַמע־ריקע, ספּעציעל אין דרום. איך האָב זיי געטראָפן אין פאַרשיידענע לענדער אויף מיינע רייזעס, נאָר אַזעלכע פּעך־שוואַרצע האָב איך נאָך ניט געזען. די אַמעריקאַנער עכט־שוואַרצע נעגערס זיינען אַ סך העלער פון די אַפריקאַנער. די אַפריקאַנער זיינען שוואַרץ ווי סאַזשע, אַזוי שוואַרץ, אַז עס באַקומט זיך אַ שוואַרצער גלאַנץ. בא די אַפריקאַנער נעגערס רוקן זיך מער אַרויס זייערע ראַסן־שטריכן: הויכע, ברייטע, גוט אַנטוויקלטע קערפּערס, אַ ברייטע נאָז, ברייטע באַקנביינער; די ווייסלען פון די אויגן און די ציינער — מילך־ווייס; די ליפּן גראָב און אַביסל אַרויפגעריסן, אַזוי ווי איבערגעדרייט; זייער קורצע געקרייזלטע האָר. אָנגעטאָן זיינען זיי אין אַ ווייסער שמוציקער ברייטער און לאַנגער העמד און ווייסע הויזן וואָס זיינען פון שמוץ שוואַרץ געוואָרן, גייען באָרוועס און אָן אַ צודעק אויפן קאָפּ. ווי אַזוי זיי טרעטן מיט הוילע פיס איבערן ברענענדיקן זאַמד און אָנגעגליטע שטיינער ,איז שווער צו פאַרשטיין.

צווישן גאַנצן עולם זיינען געווען ניט מער ווי אַ פופציק־זעכציק איטאַליענער. די אַלע איבעריקע — פון דער שוואַרצער ראַסע. און די איטאַליענער זיינען מערסטנס אויך פון סיציליאַנער

געגנט — טונקעלע, אָפּגעברענטע, מיט פאַרגרעבטע געזיכט-שטריכן. זיי, די איטאַליענער, אויב זיי זיינען ניט קיין אָפיצירן פון דער ארמיי, אָדער מאַטראָזן, זיינען זיי קרעמער, האָבן ביוראָס, זיינען באַשעפטיקט אין די בענק ,אָדער פאַרשטייער פון געשעפטן אין איטאַליע. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי די שוואַרצע וואָלטן דאָ זיין קנעכט, און די ווייסע — זייערע הארן, באַלעבאַטים. מע האָט מיר דערציילט, אַז די 50-60 איטאַליענער שטעלן מיט זיך פאָר כמעט אַ העלפט פון דער איטאַליענישער באַפעלקערונג אין מאַסאַוואַ. זיי האָבן זיך היינט פאַרזאַמלט אין אַ גרעסערער צאָל צוליב דעם גרויסן גאַסט: מיט אונדז איז געפאָרן דער איטאַליענישער גענעראַל-קאָנסול אין כינע. ער איז געפאָרן אַהיים קיין איטאַליע און איז אַראָפּ אין מאַסאַוואַ אַלס גאַסט פון דער איטאַליענישער קאָלאָניע. צוליב אָט דעם גאַסט האָט מען אונדז באַגעגנט מיט אַ גוטן מיליטערישן אָרקעסטער און מיר, די ציווילע, האָבן זיך אויך געפילט אביסל דערהויבן.

מע לאָזט אונדז וויסן, אַז דאָ, אין מאַסאַוואַ, זיינען די בעסטע טייטלען אין דער וועלט. דער עולם האָט מיך געבעטן קויפן טייטלען. איך האָב באַשלאָסן צו קויפן דאָ אויך עסנוואַרג, ווייל די מאַקאַראָנעס, וועלכע מיר עסן שוין דריי וואָכן, דריי מאָל אַ טאָג — קען איך שוין ניט עסן: זיי קריכן שוין פשוט פון האַלדז. מוז מען קויפן כאָטש וואָס-ניט-איז פאַר דערפרישונג, פאַר אַ דערקוויקונג.

דער יאַריד איז שוין אַריבער. דעם גענעראַל-קאָנסול האָט מען ערגעץ אוועקגעפירט מיט אַן אויטאָ. דער פלאַץ ליידיקט זיך אַלץ מער און מער אָפּ. ס'ווערט שטילער און שטילער. ווען איך קום אַריין אין שטאָט, הערשט אומעטום אַ טויטע שטילקייט.

דער האַפן מאַסאַוואַ געפינט זיך אויף אַ קאָראַלן-אינדזל. מיטן קאָנטינענט איז ער פאַרבונדן מיט אַ לאַנגער בריק. די שטאָט מאַסאַוואַ געפינט זיך שוין אויפן קאָנטינענט. איך האָב זיך געלאָזט דורך דער בריק אין דער שטאָט אַריין. די ערשטע הייזער מאַכן אַ גאַנץ גוטן איינדרוק. ריין, אייראָפּייאיש, ברייט, באַגאָסן מיט זון און איינגעטונקט אין ביימער. דאָ האָב איך געזען זייער שיינע הייזער, געשעפטן, בענק, קאַפע-הייזער, רעסטאָראַנען. די

הייזער זיינען געבויט פון די קאָראַלן שטיינער. נאָר ווען דו גייסט דורך די פּאָר ברייטע שיינע געסלעך, פאַלסטו אריין אין דעם אמתן, אין דעם אַפריקאַנישן שוואַרצן מאַסאַווא. און דאָ בייט זיך שוין אינגאַנצן דאָס בילד: די הייזער זיינען אַנגעוואָרפן אָן אַ פּלאַן. אַפילו קיין גאַסן זיינען ניטאָ. געשטעלט אַ הויז, וואו עס האָט זיך נאָר געמאַכט. „אַ הויז" — ס'רעדט זיך נאָר אַזוי. קליינע הייזלעך זיינען געמאַכט פון קאָראַלן שטיין, אָדער פון ערד מיט שטיינער, און באַדעקט מיט שטרוי. אַ סך הייזלעך — אָן פענצטער, אָן קוימענס.

נאָר עפּעס מאָדנע, איך גיי שוין באַלד אַ שעה אין די פּאַר־שיידנסטע ריכטונגען און טרעף קיינעם ניט. פון דער בריק האָב איך נאָך געזען אַ פּאָר שוואַרצע, וועלכע האָבן געכאַפּט פיש אין ים. אָבער מער האָב איך קיינעם ניט געזען. עס וואונדערט מיך. נאָך מער ,די קראָמען זיינען פאַרמאַכט, און אַנדערע, וואָס זיינען אָפן, ווערן געהיט פון אַפריקאַנער הינט ,וועלכע לאָזן דיך ניט צוגיין צו דער קראָם. יאָ, אַלע גאַסן — ליידיק, אויסגעשטאָרבן. „אפשר איז ביי זיי היינט אַ יום-טוב?" — טראַכט איך און גיי ווייטער. און וואָס ווייטער איך גיי, אַלץ מער אומהיימלעך ווערט מיר. געהערט אַ מעשה? און אויב אַפילו אַ יום-טוב — גייט מען ניט ארוים אין גאַס? און דאָ בין איך איינער אליין, אַ ווייסער, בלאָנדזשע אום איבער דער שטאָט פון די שוואַרצע. קיינעם זעט מען ניט. און וואָס טו איך ,אַז מע פאַלט אָן אויף מיר?

די ברענענדיקע זון ווייזט שוין אויף האַלבן טאָג. איך קען די היץ קיין פאַל ניט אַריבערטראָגן. עס ברענט, עס שרפעט. איך האָב מורא פאַר אַ זון־שלאָג. איך רוק אַראָפּ דעם הוט נאָך נידעריקער אויפן פּנים, שפּיליע אָפּ די קנעפּלעך פון מיין העמד. ס'ווערט נאָך ערגער, פאַרשפּיליע איך זיי ווידער און שפּאַן איבער דער שטאָט.

איך גיי צום ברעג, קוק זיך אַרום, קיינער ניטאָ. איך וואַרף אַראָפּ פון זיך דאָס ביסעלע זאַכן און בין אין וואַסער. אַ מחיה . . . אַזאַ פאַרגעניגן האָט איך שוין לאַנג ניט געהאַט. שווימען האָב איך מורא. איך האָב אַ סך געהערט פון די אַפריקאַנער קראָקאָדילן באַ די ברעגן פון די ימען. די שרעק פאַר די קראָקאָדילן, כאָטש

איך האָב זיי דערווייל אין ערגעץ ניט געזען, ווערט גרעסער און גרעסער, און איך לויף ארום אין טויט־שרעק פון וואַסער. דאָך אַ ביסל זיך אָפּגעקילט און אָפּגעפרישט. אָבער די אַפריקאַנער זון האָט מיך ווידער אַרומגעכאַפּט, און איך בין ווידער אין העלישן פייער.

איך גיי ווידער צו צו דער בריק. אָן אַ זייט זע איך אַן אַלייע. איך גיי שוין מיט דער אַלייע. אָט איז אין מיטן פון אַ סאָד, וואָס זעט אויס ווי אַ וואַלד, אַ פּרעכטיקע ווייסע דרייגאָרנדיקע געביידע פון קאָראַלן שטיינער. אַלע גאָרנס זיינען אַרומגערינגלט מיט באַלקאָנען. די באַלקאָנען זיינען פאַרדעקט מיט לייוונטענע פאָרהאַנגען, צו פאַרשטעלן די זון. דאָ זיינען דורך אייראָפּייער־איטאַליענער מיט זייערע פאַמיליעס. זיי זיינען אַלע אָנגעטאָן אין בלאַנקענדיקע ווייסע זאַכן, זיצן אַרום די טישן און קילן זיך אָפּ מיט קאַלטע געטראַנקען. דאָ, טראַכט איך, מוז זיין אַ האָטעל, און די געסט אַמוזירן דאָס זייער גאַסט, דעם גענעראַל קאָנסול אין כינע.

אין דער אַלייע געפינען זיך נאָך איינציקע רייכע הייזער, און ווידער דער ים. איך גיי צוריק און זוך אויס נייע גאַסן. הייזער אַ סך ,אָבער ס׳מאַכט דעם איינדרוק, אַז אינעווייניק איז קיינער ניטאָ. שטיל אַרום און אַרום, ווי אויסגעשטאָרבן. אפילו ניטאָ קיין פּאָליציי. כמעט אַלע הייזלעך האָבן דעם זעלביקן אויסזען: געבויט פון ליים און שטיין, געדעקט מיט שטרוי ,אַרומגערינגלט מיט אַ געמויערטן צאַם, אין וועלכן עס געפינט זיך אַ טירל צום הויף. אַנדערע טירן פון די הויפן זיינען אָפן, און מע קען זען אינעווייניק אַן אייזל, אַ ציג און אַמאָל דעם באַלעבאָס, ליגנדיק אויסגעצויגן אויף שטיינער אין שאָטן פון צאַם. לעבן אים אַמאָל אַ נאַרגילע, אַ לאַנגע ליולקע צום רויכערן, און אַ קרוג וואַסער.

אָט איז אַ מעטשעט, אַ מאַכמעדאַנישע קירך. זעט אויס ווי אַ אידיש שולכל אין אַ קליין שטעטל פון פּוילן. עס וואונדערט מיך. מיר איז באַקאַנט, אַז די באַפעלקערונג איז אַ קריסטלעכע. שוין אין פערטן יאָרהונדערט האָט מען זיי געצוואונגען אָנצונעמען דעם קריסטלעכן גלויבן. און דאָ גאָר אַ מעטשעט פאַר מוסולמענער. פאַר דעם מעטשעט — אַ ווענטל, צו וועלכן עס איז באַפעסטיקט

אַ פּעסל וואַסער מיט צוויי קראַנען. אויף אַ קייטל הענגט אַ מעשן קריגל. אַרום און אַרום וואונדערבאַרע טראָפּישע ביימער און בלו־מען. איך גיי אַריין אינעווייניק. קיינער ניטאָ. אַ גרויס צימער מיט אַ בינע, מיט טרעפּ צו אַ באַלקאָן אין דער הויך. ס'איז קיל — אַ מחיה.

מיטאַמאָל דערהער איך געשרייען — טאַקע ניט ווייט פון מעטשעט. קולות פון אַ סך קינדער. איך גיי צו. יאָ, עס איז אַ מוסולמענישער חדר. די קינדער, אפשר צוואַנציק אין צאָל, זיצן אויף דער ערד, האַלטן אין די הענט עפּעס זייער גרויסע, גראָבע ביכער. אין מיטן, מיט אַ ווייכן כוואַשטש אין דער האַנט, שטייט דער „מלמד". ער ווייס שוין די תורה אויף אויסווייניק. די קינדער קוקן אַריין אין די ביכער, צו דריי־פיר אין אַ בוך. ער זאָגט, און די קינדער שרייען דאָס זעלביקע אויס. און ווען עמיצער זאָגט ניט ריכטיק, קריגט ער מיטן כוואַשטש געשמיסן.

איך האָב געוואָלט מיטן „מלמד" עפּעס ריידן — נאָר מיר האָבן זיך ניט געקענט צונויפריידן. דאָך האָבן מיר גערעדט דורך מימיק.

איך האָב אַזוי אַרום אַרומגעשפּאַצירט אַ דריי־פיר שעה איבער דער שטאָט. די גאַנצע באַפעלקערונג איז ניט גרעסער פון אַ פופצן טויזנט, און דאָס איז דער הויפּט־פּאָרט אויפן רויטן ים, אויפן צפון־מזרחדיקן ברעג פון אַפריקע!

אַזוי גייענדיק בין איך אַריין אין אַ גרויסן הויף. אַ לאַנגער איינשטאָקיקער מויער מיט אַ סך טירן. דורך יעדער טיר גייט מען אַריין אין אַ באַזונדער וואוינונג. פון אַ טיר גייט אַרויס אַ שוואַרצע פרוי מיט אַ קליין קינד אויף דער האַנט און שטרעקט אויס די האַנט, איך זאָל איר עפּעס געבן. איך גיב איר אַ מטבע — אין ווערט פון אַן אַמעריקאַנעם סענט. די פרוי האָט זיך געבויגן פאַר מיר און געדאַנקט און איז פאַרשוואונדן. אין אַ מינוט אַרום האָבן מיך אַרומגערינגלט אַ סך אַזעלכע פרויען, און איך האָב עפּעס־וואָס געגעבן איטלעכער פון זיי. איך האָב פאַרפירט מיט זיי אַ געשפּרעך. אָבער מיר האָבן איינע די אַנדערע ניט פאַרשטאַנען. איין זאַך האָב איך פאַרשטאַנען: אַז זיי זיינען אַבים (אַביסינער).

איך בין אַרוים פון דער שטאָט. עפּעס אַ פעלד, פאַרברענט פון דער זון. דאָ האָב איך אָנגעטראָפן אַ טאַבאָר פון ציגיי־נער. שמוציקע ביידלעך, פערד, אייזלען. אונטערן פרייען הימל קאָכט זיך עפּעס אין אַ טאָפּ, וועלכער הענגט אַרונטער פון דריי איינגעגראָבענע שטעקנס. דאָס פייער איז פאַנאַנדערגעלייגט אונטן — אויף דער הוילער ערד. עס זיצן קינדער ארום פייער און וואַרפן צו ברעטלעך, צווייגן, שטיקלעך האָלץ. אַ ציגיינערקע, אָנגעטאָן אין פאַטשערקעס, מטבעות אין די האָר, אין די אויערן און אויפן האַלדז, האַלט אין איין מישן דעם טאָפּ.

פון דאָרטן בין איך גלייך אַוועק צו דער שיף, געמאַכט זיך אַ וואַנע, זיך גוט אָפּגעקילט.

עס איז געוואָרן אָוונט. די היץ איז אַראָפּ. פון די פאַרשיידנ־סטעסטע ריכטונגען בלאָזט אַ פייכט קיל ים־ווינטל. די זון האַלט אין פאַרגיין און שוין באַווייזט זיך פון ערגעץ ווייט, ווייט אין מיטן דעם ים די לבנה. דער עולם קומט צו זיך, אָטעמט פרייער אָפּ.

איך גיי אַראָפּ פון דער שיף און גיי ווידער אין דער טויטער שטאָט. נאָר ווער זאָגט עס איצט „טויטע?" זי איז לעבעדיק, פריש, אויפגערוימט. אפילו רוישיק. אַלץ האָט אויפגעוואַכט, אַלץ איז טעטיק. פון אַלע הייזער, פון די פאַרשיידנסטע געסלעך גייען מענטשן אין איין ריכטונג — אין דער ריכטונג צום מאַרק. עס גיי־ען שוואַרצע מענער און פרויען מיט פאַרדעקטע פּנימער. אַ סך פרויען גייען אָן צודעקן. עס פאָרן אַנדערע אויף זייערע אייזעלעך. די אייזעלעך זיינען אויך אויסגעפּוצט און פאַרדעקט מיט שיינע טעפּיכער. אַנדערע פרויען טראָגן שווערע פּעק.

עס ווערט פינצטערער און פינצטערער, קילער און קילער. איצט איז טאַקע אַ פאַרגעניגן צו גיין. דער מאַרק איז אָנגעפּאַקט מיט מענטשן. עס שטייען אַ סך טישן, בענק, ברעטער אויף בענקלעך. און אַלץ איז פאַרלייגט מיט סחורה: לייוונט, געוואַנט, זייד, בשמים, פּרוכט, גרינס. די טישן זיינען באַלויכטן מיט שטור־קאַצן. די קאַפע־הייזער און רעסטאָראַנען זיינען אָפן. עס שפּילן גראַמאָפאָנען מאָדנע פאַרדרייטע ציקלדיקע ניגונים. דער עולם רויכערט פון נאַרגילעס, זופּט פון קליינינקע טעשלעך שוואַרצע

קאווע אָדער אַנדערע געטראַנקען און שעפּט פאַרגעניגן פון דער מוזיק.

לעבן די קאַפּייען זיינען צוגעבונדן פערדלעך, אייזעלעך. אַ סך זיצן דאָרטן און הערן אויס עפּעס זייער אַ טשיקאַווע מעשה פון אַמאָל. מען דינגט זיך, מען קויפט, מען פאַרקויפט. און אָט איז אַן אַלטער מאַן אַריין אין אַ קאַפע־הויז מיט זיין טאָכטער. די טאָכ־טער טאַנצט אויס די אָריענטאַלישע בילדלעך לייַדנשאַפטלעכע טענץ.

דער מאַרק איז פול מיט לעבן. מענטשן דינגען זיך, שרייען. מע עסט, מע טרינקט, מע לאָזט זיך וואוילגיין. אַנדערע שפּילן אין ווייסע ביינדלעך, אַ גרויסער עולם שטייט אַרום, באַטראַכט די שפּיל און זאָגט מבינות.

און מאָדנע זעט אויס דער מאַרק ביינאַכט. ניטאָ קיין עלעק־טריק. ס׳איז פינצטער, און די פינצטערניש איז דורכגעריסן מיט שטורקאַצן־ליכט, וועלכע מאַכט ניט קיין סך ליכטיקער.

אַ וועלט מיט שוואַרצע מענטשן, אַלע אָנגעטאָן אין ווייסן. עס הערן זיך געשרייען, געוואַלדן. דער שניידער, דער שוסטער, דער שמיד, דער ציין־רייסער, דער מאָדנער דאָקטאָר מיט זיינע גע־קאָכטע גראָזן — אַלע אַרבעטן אין די קראָמען, און אויב דאָרט איז ווייניק פּלאַץ, אַרבעטן זיי אונטערן פרייען הימל.

איך האָב אָנגעקויפט טייטלען, און פאַר אַן אַמעריקאַנער דאָים האָט מען מיר געגעבן אַ גאַנץ היפּשן זעקל מיט געשמאַקע זיסע פּרוכטן. אַ צופרידענער בין איך אַוועק אויף דער שיף שלאָפן.

דאַן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אין די גאָר הייסע טעג אַרבעטן ניט די מאַסאַווער בייטאָג אונטער דער ברענענדיקער זון, נאָר זיי פאַרבייטן דעם טאָג אויפן אָוונט. אַ גאַנצן טאָג ליגן זיי אין זייערע הויפן אָדער הייזער אויף די גלאַטע שטיינדלעך, רוען זיך אויס, כאַפּן אַ שלאָף, אַ רויכער, אַ טרונק. און ווי עס קומט דער אָוונט, גייען זיי אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן.

מאַסאַוואַ געהערט צו איטאַליע ערשט פון יאָר 1885, דאָס הייסט, פופציק יאָר. ביז דאַן איז זי געווען אַן אַביסינישע שטאָט. דאָך האָט זי דורכגעמאַכט אַן אייגנאַרטיקע געשיכטע. אין יאָר 1541 איז אַהער אָנגעקומען דער וועלט־באַרימטער רייזנדער און אַנט־דעקער קריסטאָפאָר דע גאַמאַ מיט זיינע מענטשן, צו העלפן די

אַביסיניער אין זייער מלחמה קעגן די מאַכמעדאַנער אימפּעריאַ־ליסטן. אין 1557 האָבן די טערקן פאַרכאַפּט די שטאָט און אָנ־געהאַלטן זי מער ווי 200 יאָר. צום סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט האָט די שטאָט פאַרכאַפּט דער שעריף פון מעקאַ, וועלכער האָט זי דערנאָך איבערגעגעבן צו מאַכמעד אַלי פון מצרים. נאָכדעם ווי די מוסולמענער האָבן פאַרכאַפּט די שטאָט, איז זי 15 יאָר געווען די הויפּטשטאָט פון דער קאָלאָניע ערִיטרייע, און ערשט אין יאָר 1900 האָט זיך די הויפּט שטאָט אַריבערגעטראָגן פון מאַסאַוואַ אין אַסמאַראַ, מיט וועלכער מאַסאַוואַ איז פאַרבונדן דורך אַ באַן־ליניע.

## 2
## דזשיבוטי

ביים רויטן ים, לעבן אַדענער דורכפּלוס, אין צפון־מזרח אַפּ־ריקע, געפינט זיך די פראַנצויזישע קאָלאָניע סאָמאַלילאַנד. פון דער האַפנשטאָט דזשיבוטי, אין פראַנצויזישן סאָמאַלילאַנד, ביז דער הויפּט־שטאָט פון עטיאָפּיע, אַדיס אַבאַבאַ, האָבן די פראַנצויזן דורכגעפירט אויף אַ שטרעקע פון פינף הונדערט מייל — אַן אייזנ־באַן — די פראַנצויזיש־עטיאָפּישע אייזנבאַן.

דורך דער דאָזיקער אייזנבאַן און דעם האַפן דזשיבוטי האָט עס עטיאָפּיע אַן אַרויסגאַנג צום ים און באַציאונגען מיט דער אויסערער וועלט.

עטיאָפּיע איז פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט מיט לאַנד, און דאָס זיינען טעריטאָריעס גראָד פון שטאַרקע אימפּעריאַליטישע לענ־דער, ווי די איטאַליענישע ערִיטרייע, פראַנצויזישע סאָמאַלילאַנד, די ענגלישע קאָלאָניע אוגאַנדע און דער ענגליש־עגיפּטישער סודאַן. דער נעענטסטער פּונקט צום ים איז דזשיבוטי, אין פראַנצויזישן סאָמאַלילאַנד, און פון דאַנען טאַקע גייט עס דער אויסערלעכער פאַרקער פון דער אַרומיקער וועלט מיט עטיאָפּיע.

די באַן איז זייער אַ טשיקאַווע. זי גייט אָפּ פון דזשיבוטי בלויז צוויי מאָל אַ וואָך, זונטיק און מיטוואָך. זי גייט בלויז ביי־

טאָג. איבער נאַכט שטעלט זי זיך אָפּ אויף א גרויסער סטאַנציע. די נאַכט-סטאַנציע וואָקזאַלן האָבן אייגענע האָטעלן פאַר די פּאַסאַזשירן צו שלאָפן. אינדערפרי פאָרן די פּאַסאַזשירן ארויס ווייטער, דורכן טאָג. די באַן גייט ביז אַדיס אַבאַבאַ דריי טעג. זיינען די רייכערע פּאַסאַזשירן געצוואונגען צו שלאָפן אין די וואָקזאַל-האָטעלן צוויי נעכט. אַזאַ אָרדנונג איז געמאַכט געוואָרן צוליב דער שרעק פאַר די האַלב-ווילדע שווארצע שבטים, וואָס פלעגן אָפּט אָפּשטעלן די באַן, דערהרגענען די פּאַסאַזשירן, אַלץ אַוועקרויבן און פאַרשווינדן אין דער וויסטעניש, אַזוי, אַז מען האָט זיי קיינמאָל ניט געקענט כאַפּן.

יעדע באַן ווערט בייטאָג און ביינאַכט אָפּגעהיט פון הונדערטער סאָלדאַטן. ביז היינט צו-טאָג האָט די עטיאָפּישע רעגירונג צו זינגען און צו זאָגן, וואָס די איינוואוינער פון די מדבריות, די וואַנדערנדע סאָמאַלים און דאַנאַקלים, זיינען פאַרליבט אין די דראָטן פון דעם טעלעגראַף און טעלעפאָן און האַלטן עס אין איין אַרונטעררייסן, שטאַרק שטערנדיק דערמיט די שנעלע פאַרבינדונג פון עטיאָפּיע מיט דער דרויסנדיקער וועלט. די רייזע מיט דער באַן, אָנשטאָט אָנדערטהאַלבן טעג, דויערט דערפאַר דריי טעג, אויב אַלץ גייט דורך כשורה. אַמאָל קען אַזאַ רייזע דויערן אַ סך לענגער.

די באַן אליין איז אויך זייער אַ טשיקאַווע. זי באַשטייט מערסטנס פון אַ מאָדערנעם ערשט-קלאַסיקן וואַגאָן פאַר די אויסלענדער און פאַר די גאָר רייכע; אַ צוויי-קלאַסיקן וואַגאָן, שוין אַ האַלב-מאָדערנער, פאַרן מיטלקלאַס, און קאַסטנס-וואַגאָנען פאַרן פאָלק. די וואַגאָנען זעען אויס ווי די וואַגאָנען אין וועלכע מען פירט אין אַמעריקע בהמות, נאָר די וואַגאָנען זיינען אַ סך קלענערע, ווייניקער ווי אַ העלפט די גרויס פון די אַמעריקאַנער, און האָבן הילצערנע בענק אין די פאַרשיידנסטע ריכטונגען. יעדער וואַגאָן מוז האָבן הענגערס ,וואו מען הענגט אויף די ביקסן און די שפּיזן, אָן וועלכע קיין אַביסיניער, אויסער די, וואָס ארבעטן אין די קלויסטערס, גיט זיך ניט אַ ריר. די סאָלדאַטן, אויב זיי קענען זיך אַריינשטופּן, פאָרן אין די וואַגאָנען; אויב ניט — פאָרן זיי אויפן דאַך, אויף די פּאַרענטשעס, הענגען זיך אָן פענצטער, און ביי זיי איז

פֿאָרן מיט דער באַן אַן אומבאַשרייבלעכע פרייד, דער גרעסטער גליק אין לעבן.

דער ערשטער קלאַס איז אין פולן זין אינטערנאַציאָנאַל. עס פֿאָרן אַ פּאָר ענגלענדער, דייטשן, פראַנצויזן, איטאַליענער, גריכן, אַרמעניער, טערקן. די פאַרשיידנסטע שפּראַכן פון דער וועלט קען מען דאָ הערן. עס פֿאָרן פאַרשטייער פון רעגירונגען, פון גרויסע אייראָפּייאישע פירמעס; עס פֿאָרן — מיסיאָנערן, און גלאַט רייכע לעב-יונגען, וואָס לעכצן נאָך שטאַרקע איבערלעבונגען; עס פֿאָרן פאַרשער און יעגער נאָך טיגערן, לייבן. איך צווייפל צי מ׳קען ערגעץ אין דער וועלט אָנטרעפן אַזאַ פאַרשיידנאַרטיקייט פון פעל-קער, ראַסן און אינטערעסן.

אינטערעסאַנטער פון אַלעמען זיינען די הויכגעשטעלטע פּער-זענלעכקייטן פון אַביסיניע, וועלכע פֿאָרן אין דעם וואַגאָן. נעגערס מיט איידעלע געזיכטס-ציגע. באַוואַקסן מיט שיינע בערדלעך און וואָנצעס. זיי טראָגן היטלעך, איבער וועלכע עס איז אויבן פאַר-שפּרייט אַ לייבענע גריווע; אויף די אַקסלען איז איבערגעוואָרפן אַ לייבענע פעל. די קליידער זיינען העכסט פאַנטאַסטיש, דורכגע-וועבט מיט גאָלדענע, זילבערנע און אַנדערע אויסנייעכטס; זיי טראָגן אַ ביקס, ביים זייט אַ שפּיז. אין דער צווייטער האַנט אַ שילד (פאַנצער, צו פאַרטיידיקן זיך פון קוילן). עס זעט זיך אַרוים די אונטערשטע העמד, די איבערגעוואָרפענע טאָגע (אַ מאַטעריע פון באַוול אָדער וואָל), איבער דעם אַ רייך-קאָלירטער אויבער-בגד מיט פאַרשיידענע פּאַסן אין דער לענג און דער ברייט, און די פיס — באָרוועס. יעדער אַזעלכער נאָבלמאַן, הויפּטלינג פון אַ שבט, אָדער פאַרשטייער פון אַ שטאָט אָדער פּראָווינץ, קומט אין באַ-גלייטונג פון אַ סך פון זיינע סאָלדאַטן, וועלכע זיינען אָנגעטאָן גאָר פּשוט, אין אַ פּאָר ווייסע הויזן, איבערגעוואָרפן מיט אַ ווייסער באַוועלענער טאָגע, אין די הענט אַ ביקס און אַ שפּיז, אָפט אויך אַ שילד, דער קאָפּ און די פיס מיט גאָרנישט באַדעקט. די סאָל-דאַטן, ווען זיי האָבן שוין אַריינגעזעצט זייער הויפּטלינג אין וואַ-גאָן און אים באַקוועם באַזאָרגט, גייען אַוועק אין דריטן קלאַס אויפזוכן זיך ערגעץ-וואו אַן אָרט. ווען די פּאַסאַזשירן קומען אַריין אין וואַגאָן, מאַכן זיי זיך באַקוועם: זיי הענגען אויף די ביקסן

און שפּיזן, לייגן אַוועק די שילדן, וואַרפן פון זיך אַראָפּ דעם באַ־וועלענעם ליילעך און הויבן אָן צו פירן אַ קאַמף מיט די פּאַראַזיטן אַרום זיך און אין די קליינינקע קוטשעראַווינקע הערעלעך.

די באַן האָט זיך אַ ריר געטאָן. מיט אַ שווערן סאָפּען און כראָפּען האָט זי זיך געלאָזט גיין, פריער לאַנגזאַם, און דערנאָך גיכער, גיכער, ביז זי איז אַוועק מיט איר געוויינלעכן טעמפּאָ, מיט איר געוויינלעכן גאַנג, מאַכנדיק אַ 14—15 מייל אַ שטונדע.

מיר פאָרן איבער דער פראַנצויזישער סאָמאַלילאַנד, דורך און דורך וויסט, אַ מדבר. ווייסער, אַנגעגליטער זאַמד. די פּאַנאָראַמע אַרום איז זייער אָן אָרימע. בערגלעך, גריבער. פון די בערגלעך קענסטו אַמאָל באַמערקן ווי עס קריכט אַרויס אַ חיהלע, איבער־ראַשט פון דעם אויסערלעכן טומל און ווערנדיק דערשראָקן, באַ־האַלט זי זיך ווידער אונטער דער ערד. זעלטן קען מען אָנטרעפן אַ קוסט, אַ בוימל, גראָז — ווילד באָדן. זייער אָפט קענסטו זען גרוי־סע שטיינער, פעלזן, נאָך זעלטענער קענסטו דאָרטן זען אַ מענטשן, פון די וואַנדערער, אויף אַ פערד אָדער אויף אַן אייזל.

עס ווערט פריילעכער אויפן האַרצן ווען די באַן שטעלט זיך אָפּ אויף אַ סטאַנציע, אַ קליינע סטאַנציע. דאָ קען מען שוין זען אַ מענטשלעך הייזל געמאַכט פון ברעטער, ליים, שטיינער, אָן פענצ־טער, אָן אַ קוימען. איבערן הייזל פלאַטערט די עטיאָפּיער פאָן, מיט אַ לייב. ניט ווייט איז אַ ברונעם מיט וואַסער. לעבן דעם הייזל ליגט אויסגעצויגן דער אַפריקאַנער הונט. דאָ קענסטו שוין דערזען אייניקע ביימער־פּאַפּוא, אַ גערטנדל, גראָז, האַלב־ווילדע שוואַרצע אינגאַנצן אָדער האַלב אָנגעטאָן. זיי זיינען געקומען אַהער אָנקוקן די באַן, אָדער עפּעס פאַרקויפן. פון דעם עולם קען מען שוין גלייך אונטערשיידן צי דער געקומענער איז אַ קריסט, צי אַ מאַכמעדאַנער. די קריסטן קומען מערסטנס אין באַגלייטונג פון אַ הונט. ביי די מאַכמעדאַנער איז אַ הונט טריף, קומט ער אין באַגלייטונג פון אַ ציגעלע, צי אַ שעפּסעלע, וועלכע לויפט אים נאָך אַקוראַט ווי אַ הונט.

אונדזער באַן איז אַוועק ווייטער. איך האָב זיך אָפּגענאַרט, ווען איך האָב געמיינט, אַז אין מדבר לעבן ניט קיין חיות. דורכן פענצטער קענסטו זיי אָפט דערזען. מער פון אַלעמען באַמערקט

מען די גראַציעז-שיינע אַנטעלאָפּן, מיט די בלישטשענדיקע אויגע-לעך, און רויב-פייגל. די אַנטעלאָפּן דערשרעקן זיך שטאַרק פאַר דער באַן, לויפן זיי געשווינד אַוועק, און ווען זיי פילן, אַז זיי זיינען שוין ווייט געגוג צו זיין אויסער געפאַר, שטעלן זיי זיך אָפּ און באַקוקן זייער אויפמערקזאַם די באַן מיט די פּאַסאַזשירן. אויפ-מערקזאַמער פון אַלץ באַטראַכטן זיי דעם לאָקאָמאָטיוו — דעם שרייער, דעם קלאַפּער, מיט די צוויי בלישטשענדיקע אויגן און מיט אַ רויך פון אויבן.

אָפטער ווייזן זיך שוין הייזלעך. די זעלביקע אָרימקייט, אָן מעבל אינעווייניק. אַ סך פון זיי זיינען געמאַכט פון די בלעך-קעסטלעך פון קעראָסין (געווים געמאַכט אין אמעריקע), מיט שטרוי פון אויבן. אַנדערע הייזלעך שטאַלצירן מיט לעאָפּאַרד-פעל, וואָס הענגען אין פאָרנט, קענטיק, די אייגנטימער האָבן די חיה געכאַפּט ביי דער גנבה פון אַ שעפּסעלע און באַשטראָפט איר מיטן טויט. ווייטער באַווייזן זיך שוין ביימער, וועלדער, אָפענע פעלדער. וואָס מער דו קוקסט אַרויס פון פענצטער, אַלץ מער קענסטו שוין זען מער פאַרשיידענע חיות: אָט זיינען אַנטעלאָפּן, אָט גאַזעלס, אָט רינאָצעראָס. אָט איז גאָר אונדזער באַן אַנגעלאָפן אויף אַ גאַנצער סטאַדע מאַלפּעס, אפשר אַ זעכציק שטיק. מיט אַ שרעקלעכער קוויטשעריי זיינען זיי אַנטלאָפן, דערנאָך זיך אָפּגעשטעלט אַ זעכ-ציק טריט פון די רעלסן און אָנגעהויבן גאָר פון אונדז אָפּלאַכן, מאַכנדיק משונהדיקע גרימאַסן, מינעס. דער עולם אין די וואַגאָ-נעס קייקלט זיך פון געלעכטער, און זיי, די מאַלפּעס, רייצן זיך מיט אונדז. אָט באַמערקסטו גרויסע רויב-פייגלען, וועלכע אונדזער באַן האָט איבערגעשראָקן, און די גרויסע פייגל-קאָמפּאַניע פליט אַוועק אין טויט-שרעק, האַסטיק פאָכנדיק מיט די פליגלען.

אין אָוונט בלייבט שוין די באַן שטיין אויף אַ גאַנצע נאַכט. די אָרימע בלייבן אין די וואַגאָנען, אָדער אויף דער ערד אַרום דער באַן, וואו די סאָלדאַטן שטייען וואַך אַ גאַנצע נאַכט. די רייכע גייען אַריין אין בופעט אָפּפרישן זיך און נעמען אַ צימער צו שלאָפן אין דעם וואָקזאַל-האָטעל. נאָר ווער קען עס שלאָפן! כאָטש מען איז שרעקלעך אויסגעמאַטערט, כאָטש יעדערער האָט אַ מאָס-קיטאָ-נעץ, מיט וועלכער ער אַרבעט אַ גאַנצע נאַכט, קען ער

דאָך ניט אָפּטרייבן די פאַרשיידענע פליגעלעך און קאָמאַרעס, וועל־כע בייסן אָן רחמנות. דערצו וויינען די חיות אַזוי יאָמערלעך און אויף אַזוינע הויכע טענער, אַז זיי לאָזן ניט איינשלאָפן, און דיר דוכט זיך אַלעמאָל, אַז זיי וויינען אונטער דיין פענצטער. פייגלען קוויטשען אַזוי שרעקלעך, מיט אַזעלכע באַנומענע קולות, אַז מען דאַרף האָבן אייזערנע נערוון רואיק איינצוליגן אין בעט. דו דער־מאָנסט זיך אָן פאַרשיידענע בילדער פון דעם לעבן אין דזשאָנגל און ביסט איבערגליקלעך, ווען דו ווייסט, אַז סאָלדאַטן היטן דיך, אַז פון ביידע זייטן פון דיין צימער זיינען דאָ לעבעדיקע מענטשן, אַז ס'איז אוממעגלעך, אַז חיות און רויב־פייגלען זאָלן מיטאַמאָל ווערן דיינע אומגעבעטענע געסט.

און דאָך נעמט די נאַטור אירס. שפּעט, זייער שפּעט ווערסטו אַנטשלאָפן. דער גאַנצער שלאָף גייט דורך ווי אונטער אַ קאָשמאַר. גאַנץ פרי האָט מען אַלעמען אויפגעוועקט. מען מוז זיך איינוואַשן, כאַפּן אַ ביס און ווידער אין די וואַגאָנען.

מיר זיינען שוין אַרויס פון סאָמאַלילאַנד און מיר פאָרן שוין איבער אַביסיניע. די וואַגאָנען ווערן מער און מער געפּאַקט. עס קומען צו מער און מער באַוואָפנטע פּאַסאַזשירן מיט זייערע באַ־דינער און סאָלדאַטן.

איך בין אַריין צו די שוואַרצע אין זייער בהמות־וואַגאָן. ניט דורכצושטופּן זיך. אָנגעפּאַקט ווי אַ פאַס מיט הערינג. מען שרייט, מען זינגט, מען זידלט זיך, מען עסט, מען טרינקט. זיי עסן מערסטנס קאָמפּאַניעווייז. יעדע גרופּע פון אַ באַשטימטן הויפּט־לינג עסט באַזונדער. מערסטנס עסן זיי רויע פלייש. עס איז אַ שרעקלעכע זאַך צוצוזען ווי זיי דערהרגענען אַ שעפּס, שינדן אָפּ די פעל, צושניידן און צוהאַקן די שעפּס אויף שטיקער און יעדער איינער נעמט מיט אַ שאַרפן מעסער אַ שטיק וואַרים פלייש, פון וועלכער עס טריפט נאָך וואַרים בלוט, און שניידט מיטן מעסער שטיקער און לייגט אין מויל אַריין. אַנדערע רייסן מיט די ציינער אָפּ אַ שטיק פון ביין און עסן. דאָס ברויט, וואָס זיי נוצן, איז ענ־לעך צו אונדזערע קוכנס (פּלעצלעך), נאָר ס'איז זויער. צום פלייש נעמען זיי רויטן בייסנדיקן פּעפער, געטונקט אין בוימל און

נאָכדעם פאַרבייסן זיי מיט טיי. (טיי איז אַן אַלקאָהאָלישער גע־טראַנק, געמאַכט פון האָניק).

אויף דער צווייטער נאַכט פון אונדזער שטיין אין מיטן וועג האָב איך געזען נאָך ערגערס, צו וואָס מיר, אייראָפּייער, קענען זיך ניט צוגעוואוינען: אַ פּערציק סאָלדאַטן האָבן געשאָכטן אַן אָקס און ניט־דערוואַרטנדיק זיך, אַז די פעל זאָל אינגאַנצן אָפּגע־שונדן ווערן, האָבן די סאָלדאַטן געשניטן פון אָקס שטיקער פלייש און גלייך געגעסן.

מיר פאָרן איבער אַ דורך־און־דורך מאַכמעדאַנישן געגנט. מיר טרעפן שוין אויפן וועג דערפער און שטעטלעך. ווי פּרימיטיוו די מענטשן בויען דאָ זייערע הייזער! ווי פּרימיטיוו זיי לעבן דאָ! דאַכט זיך, מענטשן אָן קיין שום באַדערפעניש. אויסער עסן, טרינקען, שלאָפן. און די באַפעלקערונג איז גראָד אַ שיינע, אַ גע־זונטע. איך הויב שוין אָן באַמערקן און דערקענען פּנימער. פריי־ער האָבן אַלע ביי מיר אויסגעזען די זעלביקע, איך האָב ניט גע־קענט אונטערשיידן פון איינעם ביזן צווייטן — אַלע דיזעלביקע נעגערס. איצט, שטודירנדיק די פּנימער, קען איך זען, אַז אַנדערע זיינען דורכאויס פון דער נעגערשער ראַסע, מיט די אַלע אייגנטימ־לעכקייטן און באַזונדערקייטן פון דער ראַסע; אַנדערע, ווידער, כאָטש זיי זיינען שוואַרץ האָבן זיי געזיכטסציגע פון דער קאַוו־קאַזער, אָדער, בעסער געזאָגט, פון דער סעמיטישער ראַסע. איי־דעלע געזיכטציגע, די ביינער סטאַרטשען ניט אַרויס, די ליפּן ניט קיין גראָבע און ניט פאַרריסן, די נאָז אַ געוויינלעכע און ניט קיין פלאַטשיקע. ווען זיי וואָלטן געהאַט אַ ווייסע הויט, וואָלטן זיי זייער גוט געקאָנט אָנגענומען ווערן פאַר אייראָפּייער. אָט די אַנטדעקונג פאַראינטערעסירט מיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. אַנדערע זיינען גאַרניט אַזוי שוואַרץ, אַזוי נעגעריש. זיי האָבן אַ סך אַ העלערן הויט־קאָליר, פיזיש כמעט אינגאַנצן פון דער סעמי־טישער ראַסע, און ווען איך וואָלט זיי באַגעגנט ערגעץ אַנדערש, וואָלט איך זיי אָנגענומען פאַר שטאַרק־פאַרברענטע פון דער זון אַראַבער. ערשט שפּעטער־צו בין איך דערגאַנגען, אַז די אַביסי־ניער האַלטן זיך ניט פאַר זיהן פון דער נעגערשער ראַסע, נאָר פון דער סעמיטישער. זייערער אַ הויכ־געשטעלטע פּערזענלעכקייט וועט

זיך שטאַרק באַליידיקן, ווען איר וועט אים זאָגן, אַז ער שטאַמט פון דער נעגערשער ראַסע. מיט אַ סך יאָרן צוריק האָבן די אַמע־ריקאַנער נעגערס געשיקט אַ מיסיע אין אַביסיניע צו גראַטולירן דעם הערשער מענעליקן, אַלס דעם פירער פון דער איין־און־איינ־ציקער זעלבסטשטענדיקער נעגערשער טעריטאָריע. מענעליק האָט זיך אַנטזאָגט אויפצונעמען די דעלעגאַציע. זיי, די אַביסיניער, שטאָלצירן גאָר מיט דעם, וואָס זיי שטאַמען פון סעמיטן, און זיי האַלטן די נעגערס פון זייער לאַנד פאַר אַ נידעריקע ראַסע.

וואָס ווייטער מיר פאָרן ווערט די פּאַנאָראַמע אַלץ רייכער, שענער, פאַרשיידנאַרטיקער. דו פאָרסט פאַרביי פעלדער, גערטנער, סעדער, וועלדער, אַלץ אַרום און אַרום איז פאַרוואַקסן מיט טראָ־פּישע ביימער, בלומען און געוויקסן. אויך די געגנט איז ניט פלאַך ווי אין סאָמאַלילאַנד. די גאַנצע געגנט באַשטייט פון הויכע בערג און טיפע טאָלן. וואָס ווייטער מיר פאָרן, אַלץ מער הויבט זיך דאָס לאַנד. מיר פילן, אַז מיר פאָרן אַלץ העכער און העכער, אַז די באַן קריכט ארויף אַ באַרג. דאָ אין דער געגנט, האָט מען מיר איבערגעגעבן, געפינען זיך אַ סך לייבן. עס קומען אַהער אַ סך אייראָפּייאישע און אַמעריקאַנישע יעגער פאַר יאַגד. נאָר איך, אומגליקלעך באַשעפעניש, האָב קיין איין לעבעדיקן פריי־ען לייב ניט אָנגעטראָפן אויף מיין רייזע.

און אָט פאָרן מיר אריין אין אַ געדיכטן וואַלד, באַוואַקסן מיט הויכע ביימער מיט ברייטע בלעטער. מיינע מיטרייזנדע דערציילן מיר, אַז דאָס איז אַ קאַפע־וואַלד. און איינער דערציילט מיר אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע. קאַפע וואַקסט דאָ פון אוראַלטע צייטן. נאָר די באַפעלקערונג האָט ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ נוצן מען קען פון דעם האָבן. אַזוי פלעגט די קאַפע וואַקסן ווילד אויף די ביימער און צעפוילט ווערן. וואַנדערט אַמאָל אַן אַראַבער פון תימן איבער דער פּראָווינץ קאַפאַ אין אַביסיניע און באַמערקט די קער־נער. ער האָט אָנגעקליבן אַ פּעקל קערנער, און קומענדיק צו זיך אַהיים, האָט ער די קערנער פאַרפלאַנצט. דער בוים האָט זיך גוט אַקלימאַטיזירט אין תימן און דער אַראַבער האָט אויסגעפונען ווי אַזוי מען קען מיט די קערנער מאַכן אַ גוטן געטראַנק. ער האָט די קערנער אַ נאָמען געגעבן לויט דער פּראָווינץ, וואו ער האָט זיי

געפונען, קאַפּאַ. און קאַפּע איז געוואָרן אַ גוטער אַרטיקל איבער דער וועלט. דאַן ערשט האָבן די אַביסיניער אָנגעהויבן קלייבן די קערנער און פאַרקויפן זיי. און כאָטש זיי אַליין טרינקען ניט קיין קאַפּע, פאַרקויפן זיי די קאַפּע פאַר אויסלאַנד אין גאָר אַ גרויסער קוואַנטיטעט.

זיי קלייבן צענויף אין די וועלדער אַ סך קערנער, טריקענען זיי אויף דער זון, פּאַקן זיי און שיקן דאָס אוועק אין עגיפּטן, טערקיי, איראָפּע, און אפילו קיין אַמעריקע. אָבער זיי קלייבן ניט אויף די אַלע קערנער. טויזנטער טאָן קערנער ווערן ניט געזאַמלט און זיי פאַלן אַראָפּ פון די בוימער און ווערן צעפּוילט. די קאַפּע בוימער און קערנער קולטיווירן זיי ניט. זיי וואַקסן אין אַ ווילדן צושטאַנד אין די וועלדער.

אין אַלגעמיין ווייסן ניט די אַביסיניער פון די מאָדערנע מעטאָדן ווי צו קולטיווירן די גערטנער, סעדער און פּלאַנצונגען. זיי אַרבעטן נאָך מיט אַ פאַרבויגענעם קרומען גראָבן שטעקן מיט אַ צווייג פון אונטן אָן אַ זייט. דאָס איז ביי זיי די סאָכע... שפּאַנען איין אין דעם שטעקן צוויי אָקסן, און אַזוי אַרום אַקערן זיי...

ביי די גרעסטע סטאַנציעס וועסטו אַלע מאָל טרעפן גרויסע מאַסן מענטשן, וועלכע וואַרטן אויפן אָנקומען פון באַן. עס דוכט זיך אויס, אַז די גאַנצע שטעטל איז אַרויס באַגעגענען דער באַן. אַ וואונדערבאַרער בילד שטעלט מיט זיך פאַר דער עולם. אַלע שוואַרצע, אָנגעטאָן אין ווייסן. אַנדערע טראָגן אויף זיך פעל פון אַ לייב צי אַ לעאָפּאַרד, צי פון אַן אַנדער ווילדער חיה, וועלכע זיי האָבן דער׳הרגעט, און די פעל טראָגן זיי אויף זיך אַלס באַפּוצונג און שטאָלץ. אַלע מענער באַוואָפנט, אַזוי ווי אין קריגס-צושטאַנד. אפילו יונגע קינדער טראָגן געווער. אינטערעסאַנט זעען אויס די קינדער מיט כמעט אָפּגעגאָלטע קעפּלעך און בלויז אַ בערגל פון געקרייזלטע האָר אויפן שפּיץ קאָפּ. די מיידלעך זיינען אויסגעמישט אין דער קאָמפּאַני. פאַרן אָריענט, איז דאָס פאַר מיר געווען פּשוט אַן איבעררעשונג, און זיי האַלטן זיך פריי, אָן שרעק און אָן מורא. די גרעסטע צאָל איז געקומען פּשוט אָנקוקן די באַן, זען מענטשן, דערוויסן זיך וואָס עס הערט זיך אויף דער וועלט. ווען אַ באַן קומט אָן אין שטעטל איז אַ יום-טוב ביי די איינוואוינער

און אַלע טרעפן זיך ביים וואָקזאַל. גאָר אַ קלייניגקייט: עס קומען אָן פאַרשיידענע מענטשן פון דער וועלט, עס קומען הויפּט־לינגע, מיליטערישע באַאמטע. עס איז פאַראַן וואָס צו זען. און די באַן אויך — אַזעלכע גרויסע, מאָדנע הייזער, אָנגעפּאַקט מיט אַזויפיל מענטשן, און איין מענטש אין פראָנט גיט אַ דריי עפּעס אַ רעדל און די הייזער מיט די מענטשן אַנטלויפן גיך, גיך, אַזש ביז דער שטאָט „פון נייע בלומען" — די הויפּט שטאָט וואו ער, דער קעניג איבער די קעניגע, אַליין וואוינט און רעגירט איבערן לאַנד. און וואָס איז ווערט, וואָס זיי זעען די ווייסע מענטשן, מיט די בלייכע פּנימער, וועלכע פאַרדעקן די פיס מיט שיך און זאָקן, טראָגן מאָדנע הויזן און רעקלעך, און אויף די קעפּ, ברייטע שטרויענע היט? איך געדענק ווי איך האָב דעם שוואַרצן עולם איבערראַשט, ווען איך האָב זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אין זייער וואַגאָן. אַלעמנס אויגן זיינען געבליבן ווייט אָפן און געוווּנדערט צו מיר, ס'איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרן און אַלע האָבן מיך באַ־טראַכט, שטאַרק באַטראַכט פון אויבן ביז אַראָפּ. אַנדערע האָבן געפּונען דרייסטקייט און באַטאַפּט די שיך, די זאָקן, געטראַכט און געטראַכט, קענטיק זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי מען טוט אָן די זאָקן, האָבן באַטאַפּט מיין קליידונג און אַפילו פאַראינ־טערעסירט זיך מיט מיינע האָר. די צופיל אויפמערקזאַמקייט האָט מיך שאָקירט און איך האָב געפּונען פאַר נויטיק צו פאַרלאָזן דעם וואַגאָן.

איצט אויף די סטאַנציעס, אַז איך גיי אַרויס, נעם איך צו די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון עולם. זיי באַטראַכטן די זאַכן, באַ־טראַכטן מיר, ווי אַזוי איך גיי, ווי אַזוי איך שטיי... זייער קומען אַהער האָט זיך שוין באַצאָלט. זיי וועלן שוין האָבן וואָס צו דערציילן באַ זיך אין דאָרף...

אַ סך קומען צום וואָקזאַל פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן: אייער פון הינער און פון פייגל און פון שטרויס־פייגל (אפשר 25 מאָל גרעסער פון אַ געוויינליכער הינערשער איי), אויך רויהע שטיקלעך פלייש פון ציגן אָדער שעפּסן און קעמל פלייש מיט אַ שרעקליכן ריח, און קאַקטוס באַרן, און קאַקטוס ניס, אויך קעמל אָדער ציגן־

מילך, וועלכע זיי האַלטן אין זעק געמאַכט פון אַ פעל, און האָניק, און פלעצלעך ברויט. די פּאַרקויפער אָבער ברענגען ניט צו די סחורה, סיידן מען באַצאָלט זיי פריהער. די מערסטע פון די פאַרקויפער זיינען פרויען, וועלכע געהען אָנגעטאָן אין עפּעס אַזוי ווי אַ קליידל, דער אויבערשטער טייל באַדעקט מיט אַ לאַנגן באַוולנעם האַנטוך, וועלכן זיי טראָגן מערסטנס אויף איין פּלייצע. זייער נאַקעטקייט פון אויבן שאַקירט שטאַרק די אייראָפּייאישע פּאַסאַזשירן. די געקרייזלטע האָר פאַלן אַרונטער מיט אַ סך גע־קרייזלטע צעפּלעך.

אויסער די פּאַרקויפער זיינען דאָ אַ סך, וועלכע טראַנספּאָר־טירן זייערע פּראָדוקטן פון די פעלדער אָדער וועלדער מיט דער באַן קיין אַדיס אַבאַבאַ, און דער הויף איז פאַרלייגט מיט גרויסע פּעק, וועלכע מען וואַרפט אַריין אין די פראַכט וואַגאָנען.

מיר פאָרן ווייטער.

איך האָב מיר קיינמאָל ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז מענטשן און ווילדע חיות זאָלן לעבן אַזוי נאָהענט איינע פון די אַנדערע. איך האָב אַלע מאָל געדענקט, אַז די חיות לעבן נאָר אין דזשאָנגלס, ווייט פון מענטשן, טרעפן זיך צופעליגערווייזע. אָבער דאָ האָב איך דערזען לעבן די מענטשליכע דערפער, דערפלעך, אָנגעזעצט אויף די בערג, סטאַדעס מיט חיות. אפשר יעדע 3—5 מינוט וועסטו פון פענסטער פון וואַגאָן באַמערקן חיות, לויפנדיק מיט אַן אימפּעט, דערשראָקענע פאַרן אויגעשריי פון לאָקמאָטיוו, אין גרויסע סטאַדעס צו פערציג, פופציג און זיבעציג.

אָרטיקע איינוואוינער, וואָס מיר טרעפן אויפן וועג, קענטיק דאָרפסלייט, פאָרן רייטענדיק אויף אַן אָקס, אייזל, פערד; נאָר די מערסטע אויף אַ מיול (מוילאייזל) און זיי האָבן גאָר ניט מורא פאַר די ווילדע חיות.

וואָס נענטער צו דער הויפּט־שטאָט, ווערן פאַר מיר די מענטשן, וואָס איך זע אויף די סטאַנציעס, סימפּאַטישער, העלער, שענער. אַנדערע זעען גאָר אויס ווי אידן, טיפּישע אידן.

אַנדערע טיפּן מיט זייערע קליינע בערדלעך און וואָנצעס זיינען אַזוי ענלעך אויף אידן, אַז ווען איך טרעף זיי אַנדערשוואו און זיי וואָלטן געווען „אידישלעך אָנגעטאָן", וואָלט איך זיי אָנגע־

נומען ניט נאָר פאַר אידן, נאָר פאַר ישיבה בחורים פון וואָלאָזשין אָדער דער מיר...

עס קומען אריין אין דער באַן אַ סך פון דער סמעטענע פון דער אַביסינישער באַפעלקערונג באַצירט מיט צולאָזענע גריוועס און פעל. טראָגן אויף זיך אַ סך קליידער, וועלכע זיינען אויסגעניט מיט פעדים פון די פאַרשיידנסטע קאָלירן — ווייס, שוואַרץ, געל, בלוי, מיט געלע לאַמפּאַסן אין פראָנט ביז די פיס. זיי ווערן באַגלייט פון די באַדינער, וואָס טראָגן פאַר זיי די געווער, וואָס גיבן אַכטונג אויפן מיול, וואָס טראָגן פאַר זיי דעם פאַראַסאָל. די גדולים קומען אריין סטאַטעטשנע מיטן פולן באַוואוסטזיין פון זייער ווירדע. נאָר מיך שאָקירט נאָך אַלץ, וואָס זיי גייען באָרוועס.

און אָט האָב איך דערזען שוואַרצע סאָלדאַטן אָנגעטאָן אין זייערע קעקי יוניפאָרמס, אפילו אין היטלן און שטיוול. זיי זיינען פאַראַן זייער ווייניק אין לאַנד, און דאָס איז אַ ניט-לאַנגעדיקע איינפירונג. איך שטעל זיך פאָר, ווי די סאָלדאַטן פילן זיך אין די פרעמדע האַמעטנע זאַכן פון די אייראָפּייער. אָבער זייער אָנפירער איז אָנגעטאָן אַביסיניש-מיליטעריש.

מיר זיינען געקומען אין אַדיס אַבאַבאַ, די הויפּט-שטאָט פון אַביסיניע, צום לעצטן פונקט וואוהין די באַן דערגייט. ווייטער גייט זי שוין ניט.

וויפיל מענטשן עס וואַרטן דאָס אונדז אָפּ? ווער ווייס? אפשר צוואַנציק טויזנט. אויפן הויף קען מען ניט דורכגיין. מענטשן, פערד, אייזלען, מיולן, פעק מיט עלפאַנט-ביין, קאַפע, פעלכלעך, מאַכאַ באַב אָנגעוואָרפן אין אומאָרדנונג איבערן גאַנצן הויף. מענער, פרויען, קינדער ; מען שרייט, מען ליאַרעמט, מען לויפט, מען זוכט, מען שטופּט זיך, מען מאַכט מיט די הענט. קערבלעך, זעק, ביקסן, שפּיזן : מען שלעפּט, מען טראָגט. סאָלדאַטן זוכן די הויפּט-לינגע ; די לעצטע שרייען, רופנדיק זייערע סאָלדאַטן, און דאָ פאָרט איינער אויף אַ מיול און שרייט מען זאָל אים לאָזן דורכפאָרן, און ס׳איז שווער אַדורכשטופּן זיך און פאַרלאָזן דעם אָנגעפּאַקטן הויף. אַלץ ארום און ארום זאָגט עדות, אַז מיר זיינען אין דער הויפּט-שטאָט פון אַביסיניע — אין אַדיס אַבאַבאַ, די שטאָט פון „נייע בלומען".

## 3

# אַדיס אַבאַבאַ

די הויפּט־שטאָט פון עטיאָפּיע הייסט אַדיס אַבאַבאַ (אויף עטהיאָפּיש: „נײַ־בלום"). זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1892 פון דעם פריערדיקן קייזער מענעליק דעם צווייטן און זי געפינט זיך אויף דעם הויכן באַרג ענטאָנאָ אין אַ געדיכטן עקאַליפּטוס וואַלד.

אַביסיניע האָט געהאַט אַ סך הויפּט־שטעט, און די געשיכטע פון די הויפּט־שטעט איז מערסטנס אַזאַ: דער קעניג, מורא־האָבנדיק פאַר אַ פּלוצימדיקן אָנפאַל פון ווילדע שבטים, פלעגט אַלע מאָל אויסזוכן אַ פּלאַץ פאַר זײַן רעזידענץ ערגעץ־וואו אויף אַ הויכן באַרג, געדיכט באַדעקט מיט הויכע בוימער אַזוי, אַז פון דערווייטנס, און אפילו פון דערנאָהענט זאָל מען זײַן באַהאַלטענע רעזידענץ פאַר קיין פאַל ניט באַמערקן. פאַרשטייט זיך, אַז די הויפּט־באַאַמטע פון לאַנד מיט זייערע סוויטעס פלעגן זיך אויך אַרײַנקלײַבן אין דער נייער רעזידענץ, מען פלעגט גלײַך אויפבויען אַ קלויסטער, וועלכער האָט אין זיך אַרײַנגענומען אַ פּאָר הונדערט גייסטליכע און אַזוי אַרום פלעגט אויסוואַקסן אַרום דעם קעניגס רעזידענץ אַ שטעטל.

אָבער די באַפעלקערונג, בויענדיק די רעזידענץ, פלעגט אין דער נאָענטער צוקונפט איר פאַרניכטן מיט דעם, וואָס זי פלעגט אויסהאַקן די בוימער פונם וואַלד פאַר הייצן, פאַר די הײַזער, און מיט דער צײַט פלעגט דער וואַלד ווערן אַלץ שיטערער און שיטערער און די רעזידענץ פלעגט פאַרלירן איר קאָנספּיראַטיוון כאַראַקטער, און דאַן פלעגט דער „הויף" מוזן זוכן אַן אַנדער פּלאַץ אויף אַן אַנדער הויכן באַרג, באַוואַקסן מיט אַ געדיכטן וואַלד.

אַזוי איז אויך געווען לעצטנס מיט אַדיס אַבאַבאַ רעזידענץ. דעם וואַלד אַרום דעם קעניגס פּאַלאַץ האָט מען כמעט אויסגעהאַקט, און דער „הויף" האָט שוין אָנגעהויבן צו זוכן אַ נײַעם פּלאַץ פאַר דער הויפּט־שטאָט. אָבער איצט איז די לאַגע געווען גאָר אַן אַנדערע און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די הויפּט־שטאָט קען מען ניט אַריבערטראָגן.

מענעליק דער צווייטער, דער גרינדער פון דער הויפּט־שטאָט, איז שוין געווען אַ מער מאָדערנער הערשער. אין זיין צייט האָט זיך אַביסיניע אינטערנאַציאָנאַל אַ רוק געטאָן ווייטער פון די גרע־ניצן פון פריהערדיקן פאַרשלאָסענעם אַפריקאַניש־עטיאָפּישן האַלב־ווילדן לעבן. דער קעניג האָט געשלאָסן פּאָליטישע און האַנדלס־אָפּמאַכן פרייוויליג צו געצוואונגענערהייט מיט פאַרשיידענע מעכטע פון דער וועלט, ווי מיט ענגלאַנד, פראַנקרייך, אַמעריקע, איטאַליע און אַנדערע. זיי, די פרעמדע, האָבן אַהער אריינגעשיקט זייערע פאָרשטייער פון פּאָליטיק, האַנדל און רעליגיע.

די פראַנצויזן האָבן געקראָגן אַ קאָנצעסיע אויף דורכצופירן זייער פראַנקאָ־עטיאָפּישע אייזנבאַן ביז דער הויפּט־שטאָט. די פרעמדע האָבן געעפנט אין דער הויפּט־שטאָט גרויסע געשעפטן פון אימפּאָרט און עקספּאָרט, האָבן אויסגעבויט פּראַכטפולע וואוי־נונגען ,גרויסע האַנדלס־הייזער, מאַגאַזינען, ווער־הייזער, און ווען באַ דעם קעניג איז ענטשטאַנען, צוליב דעם אויסגעהאַקטן וואַלד, די פראַגע פון בייטן זיין רעזידענץ־פּלאַץ, האָבן די פרעמדע שטאַרק פּראָטעסטירט. גאָר אַ קלייניגקייט, אַזוי פיל קאַפּיטאַל אַריינ־געלייגט און איצט זאָל עס גיין פאַרלאָרן. און דער קעניג האָט זיך געמוזט בויגן. ער איז פאַרבליבן אין אַדיס אַבאַבאַ. נאָר וואָס דען? ער האָט געהייסן צוריק פאַרזעצן דעם פליכטוואָטן וואַלד מיט נייע עקאַליפּטוס בוימער, און זען, אַז אויף ווייטער זאָלן די אויסגעהאַקטע בוימער גלייך פאַרביטן ווערן מיט נייע עקאַליפּטוס בוימער, אַזוי אַרום, אַז דער וואַלד זאָל קיינמאָל ניט אויסגעהאַקט ווערן, און אַדיס אַבאַבאַ זאָל פאַרבלייבן די קעניגליכע רעזידענץ אויף שטענדיק. און צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון עטיאָפּיע איז געבראָכן געוואָרן די טראַדיציע פון בייטן די רע־זידענץ־שטאָט, און אַדיס אַבאַבאַ געפינט זיך אין אַן עקאַ־ליפּטוס וואַלד פון וועלכע די בוימער זיינען ניט עלטער פון 40 יאָר.
אַדיס אַבאַבאַ איז היינט־צו־טאָג די גרעסטע און שענסטע שטאָט אין אַביסיניע מיט אייגענע שיינע, ברייטע און ברוקירטע גאַסן, מיט מאָדערנע שיינע איין־שטאָקיגע און צוויי־שטאָקיגע הייזער, געשעפטן, האָטעלן, רעסטאָראַנען, קאַפע־הייזער (פאַר אייראָפּייער), שיינע מאָנומענטן, טעלעפאָן, טעלעגראַף און אפילו אַ מואווי.

אָבער די אייראָפּייאישקייט געפינט זיך אין אַ קליינעם טייל פון שטאָט, אין דעם טייל וואו עס וואוינען די אויסלענדער און די גרויסע עטיאָפּישע באַאַמטע און בורזשואַזיע. זיי שטעלן מיט זיך פאַר גאָר אַ קליינעם טייל פון דער באַפעלקערונג. אַדיס אַבאַבאַ מיט די נאָענטע אַרומיקע דערפער פאַרמאָגט אַ באַפעלקערונג פון אַרום צוויי הונדערט טויזנט, און אויסלענדער זיינען דאָ אינגאַנצן אַרום פינף טויזנט.

זיי, די היימישע אַביסיניער, פון דער הויפּט-שטאָט, לעבן אין פּאַרצייטיקע כאַלופּעס און הייזלעך אָנגעוואָרפן אָן אַ פּלאַן און אָן אַ סיסטעם, וואו נאָר עס האָט זיך געמאַכט, אויפן רוקן פון דעם באַרג ענטאָנאַ, און זיי זעען טאַקע אויס ווי צוגעקלעפּטע צום באַרג. דאָ זיינען שוין ניטאָ קיין גאַסן, ווי מיר זיינען געוואוינט צו זען אין אייראָפּע, ניטאָ קיין טראָטוארן, קיין בריקן אפילו, שוין ניט ריידנ־דיק וועגן סאַניטאַר-היגיענישע איינריכטונגען. עס לויפן סטעזש־קעס, וועגעלעך אין פאַרשיידענע ריכטונגען רעכטס און לינקס, אַרויף און אַראָפּ פון באַרג, און די סטעזשקעס פירן דאָס צו פאַרשיידענע שטיבלעך. דער באַרג איז ניט באַאַרבעט פאַר וועגן און גאַסן, מען דאַרף קענען קריכן, מען דאַרף זיך גוט היטן אום ניט אַריינצופאַלן אין אַ גרוב, אָדער ערגעץ אין אַ גראָבן.

די הייזער זיינען פון ליים, שטיינער באַדעקט מיט שטרוי, גראָז, מערסטנס זיינען זיי אָן פענסטער, אָן קוימנס. אינווייניק אין די שטיבלעך איז ווייניק-וואָס פאַראַן: אויף דער הוילער ערד זיינען אָנגעוואָרפן פעלכלעך אויף וועלכע מען שלאָפט, עס שטייען אַ פּאָר קערב און אַ מאָל אויך אַ קאַסטן, צו באַהאַלטן די פאַרשיידענע שטוב־זאַכן; ס'הייגנט אַ ביסל געפעס; ס'איז דאָ אַן אָרט פאַרן ביקס, פאַרן שפּיז, וועלכע יעדער אַביסיניער מוז לויט דער טראַדיציע האָבן. אויב דער באַלעבאָס האָט אַ הונט, אַ ציג אָדער אַ שעפּס, וואוינען זיי צוזאַמען מיט אים אין הייזל.

אַ פרעמדער קען זיך דאָ אין שטאָט פאַר קיין פאַל ניט פאַר־נאַנדערקלייבן. ער וועט אַלעמאָל האַלטן אין איין בלאָנדזשען. מען ווייס דאָ ניט פון גאַז אָדער פון עלעקטריק. מען קאָכט אויף האָלץ און די אַביסיניער לייגן זיך שלאָפן מיטן זונען פאַרגאַנג און שטייען אויף מיטן זונען-אויפגאַנג, אַזוי, אַז אין קיין באַלייכטונג,

אויסער דער ליכט פון דער זון, נויטיקן זיי זיך ניט. ניט קיין גרויסע בעלי מלאכות און ניט קיין קינסטלער, וועלכע זאָלן זיין פאַראינטערעסירט אין שיינקייט פון די הייזער, האָבן די וואוינונגען געבויט.

אַרום יעדער הויז איז דאָ אַ צאַם אויך פון שטיינער, וואַפּנע, ליים. אין יעדן צאַם איז דאָ אַן אריינגאַנג צום הויז. אויפן הויף איז אָנגעוואָרפן האָלץ, שטיינער, שמאַטעס און אַ סך ,גאָר אַ סך שמוץ. אין הויף האָדעווען זיך די בהמות, אויב דער באַלע־באָס איז „רייך"... די איינוואוינער האָבן מער ליב דעם הויף ווי זייער שטוב. דאָ פאַרברייינגען זיי, נעמען אויף געסט. דאָך איז דאָ אַרום און אַרום זייער שיין, מאַלעריש שיין. אַלץ איז איינ־געטונקט אין טראָפּישע פלאַנצונגען, אַרום און אַרום וואַקסט, עס בליהט, אויסגעבעט מיט אַ גרינעם טעפּיך. די הייזער זיינען מערסטנס באַהאַלטן אין די גרויסע, ברייט - פאַנאַנדערגעוואַקסענע בוימער אַזוי, אַז מען זעט זיי כמעט ניט אַרום. ווען מ'גייט איבער דער געגנט, גייט מען דורך אַ געדיכטן וואַלד, וואו אַלץ אַרום און אַרום סודעט זיך, שושקעט זיך, און עס איז קיל און פייכט, ווי אין יעדן געדיכטן וואַלד.

שיין איז צו זען די רייטער. זיי פאָרן מערסטנס אויף מיולס. מעגלעך, אַז דער מיול קען בעסער גיין איבער סטעזשקעס, איז פאַרזיכטיקער, קריכנדיק אויפן באַרג, וואו יעדע מינוט דראָעט אַ געפאַר פון פאַלן אָדער אַריינפאַלן. דער מיול איז אויסגעפּוצט אין עסיק און האָניק (לויט דער אויסגעפּוצטקייט פון מיול דער־קענט מען דאָרטן ווי רייך זיין רייטער איז). אויבן זיצט דער באַוואָפנטער שוואַרצער רייטער אָנגעטאָן אין ווייסן, אין ווייסע הויזן און אין אַ ווייסער טאָגע, אַריבערגעוואָרפן איבער די פּליי־צעס. אַ שיין פאָלק זיינען די אַביסיניער: הויכע, שלאַנקע, קער־פּערלעך גוט אַנטוויקלטע. רייטנדיק זעען זיי אויס שיין, ראָ־מאַנטיש. דער אַביסיניער האָט ליב, אַז זיין הונט צו זיין ציג לויפן אים נאָך.

אין דער געגנט, וואו עס וואוינט דאָס פאָלק אַליין, איז אומ־מעגלעך צו פאָרן מיט אַ וואָגן, אונמעגלעך צו פאָרן מיט אַן אוי־טאָמאָביל. כאָטש די אייראָפּייער און די אַמעריקאַנער האָבן יאָ

אויסגעזוכט אייניקע וועגן פאַר אויטאָמאָבילן, איז אָבער, אַך און ווי צו אַזעלכע וועגן, אַז אַ רייזע, וועלכע מען וואָלט אין ניו-יאָרק געמאַכט אין צען מינוט, נעמט דאָרט אַנדערהאַלבן שעה און מען מוז האָבן אַ ספּעציאַליסט אַ שאָפער, וועלכער זאָל גלאַט דערפירן די מאַשין די אַנדערהאַלבן שעה. ס'איז כמעט אונמעגל-לעך. אין אַלגעמיין מאַכן דאָ אָן די אויטאָמאָבילן אַ שרעקלעכן גערודער און חורבן: די פערד, אייזלען, מיולס דערשרעקן זיך אויף טויט און אין טויט שרעק און אין אַ ווילדן געלאַף לאָזן זיי זיך איבער די בערג, אַראָפּוואָרפנדיק פון זיך די רייטער, די זעק מיט סחורה, צוברעכנדיק און פאַרניכטנדיק אַלץ, וואָס זיי האָבן אויף זיך געפירט.

גייענדיק אַזוי באַרג אַרויף, מוז מען ווילנדיק, ניט ווילנדיק אָנטרעפן די קעניגליכע פּאַלאַצן. דאָס זיינען שוין מאָדערנע פּאַ-לאַצן אין פולסטן זין פון וואָרט. דאָ איז שוין דאָ אַרכיטעקטור, שיינקייט, קונסט, פאַרנעם. דאָ דוכט זיך גאָר אויס, אַז דו ביזט צווישן די פּאַלאַצן אין רוים, פּאַריז, לאָנדאָן, נאָר דאָ זעען זיי אויס שענער, ווייל דאָס לאַנד איז טראָפּיש און די פלאַנצונגען אַרום און אַרום זיינען רייכער, פאַרביגער, פאַרשיידנאַרטיקער. די פּאַנאָ-ראַמע איז אַ פאַר'כישופדיקע, אַ פאַרשכורנדיקע. די וואונדער-וועגן, אַרום דעם פּאַלאַץ, וואָס דרייען זיך צווישן גערטנער, סעדער, אַלייען, זיינען ברייטע, גלאַטע, שיינע, גרויס-שטאַטיקע און קינסטלע-ריש באַפּוצט, די וועגן זיינען צוגעפּאַסט פאַר אויטאָמאָבילן, כאָטש דער געברויך פון די אויטאָמאָבילן איז שטאַרק באַגרענעצט: אויף די וועגן טאָר ניט זיין מער פון זעקס אויטאָמאָבילן אין איין צייט. די פּאַלאַצן זיינען אויפן העכסטן פּונקט פון באַרג און זיינען אַרומ-גערינגלט מיט אַ מויערנעם צאָם פון אַלע זייטן, און ווערן באַוואַכט פון סאָלדאַטן טאָג און נאַכט. דאָ איז צוזאַמענגעמישט דער פערטער יאָרהונדערט מיטן צוואַנציקסטן. דאָ איז דאָ אַ טעלעגראַף, אַ טע-לעפאָן, אויטאָמאָבילן, און די גרויסע וויכטיקסטע באַאַמטע גייען אום באָרוועס; עס לויפט אַ באַן, און צו דערזעלביקער צייט הערט מען דעם געוויין פון היענעס און אַנדערע חיות. עס איז דאָ אַן עראָפּלאַן פעלד, און די באַן קומט אָן צוויי מאָל אַ וואָך — זונטיק און מיטוואָך.

דער אינטערעסאַנטסטער טייל פון אַדיס אַבאַבאַ איז דער מאַרק, וועלכער געפינט זיך אַביסל אָן אַ זייט פון שטאָט. אַ גאַנצע וואָך קומט דאָרטן פאָר אַ קליינער האַנדל, מען ברייננגט און מען פאַרקויפט דאָס וויכטיקסטע, אָבער איין טאָג אין וואָך איז אַ גרויסער מאַרק, אַ יאַריד. אין יענעם טאָג ציען זיך צום מאַרק ריי־טער און פוסגייער פון שטאָט און די אַרומיקע דערפער. עס קומען זיך צענויף אַ צוואַנציק־דרייסיק טויזנט מענטשן. מען ברייננגט אַהער צום פאַרקויף פערד, מיולס, אייזלען, קעמלען, שעפסן, ציגן, פעל פון די פאַרשיידנסטע חיות, גאַנצע בערג מיט קאָפּע, פאַר־שיידענע גרויפּן, האָניק, באַוול, שפּיזן, מעסער ,ביקסן, טעפּ, קרוגן, פּליטקעס זאַלץ, קערבלעך, שטיקער רוי פלייש, קוכנס... דער מאַרק איז זייער גרוים. אין איין פּלאַץ איז ער פאַרבויט מיט אייגנאַרטיקע קראָמען, וועלכע באַשטייען פון דריי ווענטלעך מיט אַ דאַך. איין זייט איז אָן אָפּענע. אָבער אַ קליינער טייל פון די סוחרים געפינט זיך דאָ. דער גרעסטער טייל האַנדלט אונטערן אָפּענעם הימל, וואו עס זיינען אָנגעוואָרפן סחורות אין זעק פון לייוונט, אין זעק פון פעל און אָן זעק: פּשוט אָנגעוואָרפן אויף דער היילער ערד.

דער האַנדל ווערט דאָ געפירט מערסטנס פון פרויען, און דאָס איז אַ גרויסע זעלטנהייט אין דעם אָריענט, וואו די פרוי איז אין גאַנצן אויסגעשלאָסן פון פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און געזעל־שאַפטליכן לעבן פון דאָס לאַנד. די פרויען זיצן נעבן די סחורה אויף דער ערד און זיינען באַשיצט פון דער היים ברענענדער זון מיט פּאַראַסאָלן. מען דינגט זיך, מען מאַכט מיט די הענט, מען באַצאָלט דאָ מיט די אַביסיניער געלט. מיט מער פאַרגעניגן נעמט מען דאָ אָן אַ באַזונדער מטבע, וועלכע הייסט מאַריע טערעזעס טאַלער, אויף וועלכן עס מוז זיין אַלעמאָל אָנגעגעבן דער יאָר 1870, אויב ניט, נעמט מען אים ניט. (אין אַנדערע געגענטן פון אַביסיניע איז קיין געלט געמאַכט פון פּאַפּיר צי פון מעטאַל אין גאַנצן ניטאָ. אַנשטאָט געלט צאָלט מען דאָרט מיט באַוול, פּליט־קעס זאַלץ אָדער גאָר מיט קוילן פון ביקסן.) גאָר אַ סך קומען אַהער אין קאָמפּאַניעס, כדי עסן, טרינקען און אַמוזירן זיך. זיי קויפן דאָ די עסנוואַרג און געטראַנקען און טאַקע דאָ אויפן אָרט,

אויף דער הוילער ערד, זעצן זיי זיך אַוועק און פאַרניכטן דאָס געקויפטע, און דער מאַרק־פּלאַץ איז באַדעקט מיט אַ סך גרופּן מענטשן, וועלכע עסן מיט גרוים אַפּעטיט רוי פלייש, פאַרביסן מיט בייסנדיקן רויטן פעפער באַטונקט אין אויל און פאַרטרינקען מיט טיי.

אין יעדן מאַרק פון לאַנד געפינט זיך אַ תליה, אויף וועלכער מען הייננגט די קרימינעלע פאַרברעכער. מערסטנס הייננגט מען זיי אין די גרויסע מאַרק טעג, און ניט איינציקווייס, נאָר עטלעכע מיט אַמאָל. זען ווי מען הייננגט די פאַרברעכער, איז אַ גרויסער פאַרגעניגן ביי דער שוואַרצער באַפעלקערונג. דער גאַנצער מאַרק ווערט אָפּגעשטאָרבן און אַלע זיינען אַרום דער תליה, באַטראַכטנ־דיק מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט יעדע באַוועגונג פון די הענקער און פון די, וואָס ווערן געהאַנגען. דאָס איז פאַר דער באַ־פעלקערונג אַ גרעסערער פאַרגעניגן ווי גיין זען דעם אָנקומען פון באַן, ווי אין קאָמפּאַניע עסן, אַפילו ווי צו גיין צו אַ חתונה. פאַר זיי איז דאָס דער בעסטער טעאַטער, דער וואונדערבאַרסטער ספּעקטאַקל.

זייער אָפט קומען דאָ פאָר אין מאַרק פאָלקס משפּטים, וועלכע ציען צו אַ גרויסן עולם. די פאָלקס משפּטים דערמאָנען אָן די משפּטים באַ אונדז אידן, אין דער ביבלישער עפּאָכע אין ארץ ישראל. דער ריכטער איז דער אָנגעזעענסטער עלטסטער צווישן זיי, וועלכער איז רייך אין יאָרן און אין ערפאַרונג. ער קומט אין מאַרק אין באַשטימטע טעג, זעצט זיך אוועק אויף זיין גע־וויינלעכן אָרט אויף אַ שטיין, אויף די טרעפּ פון אַ הויז, נעבן אַ צאַם, צי נעבן אַ וואַנט, אונטערן אָפענעם הימל. צו אים קומען אַלע, וועלכע מען האָט באַליידיקט צי באַ'עולהט, מיט זייערע עדות און דער צווייטער צד מיט זיינע. ביידע צדדים איז ערלויבט צו טענהן וויפיל נאָר זיי ווילן. נאָך דעם, ווי דער ריכטער האָט אויסגעהערט ביידע צדדים מיט די עדות, טראָגט ער אַרויס זיין אורטייל. אויב ביידע צדדים זיינען צופרידן מיטן אורטייל, גייט ער אריין אין קראַפט, אויב אָבער איינער פון די צדדים איז ניט צופרידן, פאַרלירט זיין אורטייל יעדע קראַפט און דער משפּט ווערט אַריבערגעטראָגן צו די ריכטער פון דער רעגירונג.

דאָ אין מאַרק קומט מען זיך צונויף צוליב פערזענליכע אָדער געזעלשאַפטליכע עסקים. דאָ פירט מען דורך שדוכים, דאָ קויפט מען ווייבער, דאָ פאַרהאַנדלט מען וועגן קהלשע פראַגן. דאָ שליסט מען פאַרשיידענע אָפּמאַכן. דאָ באַקאַנט מען זיך איינע מיט די אַנדערע, דאָ קומט אַרויס קריג און דאָ שליסט מען שלום.

גאָר אינטערעסאַנט איז ווי מען היילט קראַנקע. אַזוי ווי עס זיינען באַ אונדז אַמאָל געווען גוטע אידן, אַזוי זיינען דאָרטן פאַראַן גוטע אַביסיניער, וועלכע קענען דורך די גייסטער, מיט די פאַרשיידענע געקאָכטע גראָזן און מיט באַזונדערע רייד, באַוועגונגען, אויסהיילן די קראַנקע. אַ מענטש איז קראַנק דערפאַר, וואָס ער האָט אין זיך שלעכטע בלוט, און די שלעכטע בלוט נעמט זיך פון טייוול. איז די מעדיצין שוין אַ גאַנץ פּשוטע: מען דאַרף דעם קראַנקן באַפרייען פון די שלעכטע בלוט און דאַן וועט ער געזונט ווערן. מאַכט מען אין זיין קערפּער אַ לעכעלע און דורך אַ היל־צערנע טרייבל זויגט מען באַ אים אויס די שלעכטע בלוט און מען שפּייט די בלוט אויס אויף דער ערד. דער קראַנקער ליגט אויס־געצויגן אויף דער ערד, און דער „פּראָפעסאָר", זיצנדיג אויף די קני, איינגעבויגן צום קראַנקנס קאָפּ, פירט דורך די אָפּעראַציע.

און אָט שערט מען אימיצן. דאָס טוט מען אויך אונטערן פרייען הימל. שערן איז נאָך ווי עס איז. אָבער דאָס ראַזירן די איבעריקע האָר אויפן קאָפּ, צי אויפן האַלז, איז שוין גאָר סקאַנדאַליעז. מען טוט עס מיט אַן אָנגעשאַרפטן שטיקל אייזן, אָדער מיט אַ שטיקל גלאָז פון אַ צובראָכענער פלאַש.

און אָט אַרבעט אַ „ציין דאָקטאָר". ער שלעפּט אַרויס, רייסט אַרויס די שלעכטע ציינער, ווי מען פלעגט עס טאָן באַ אונדז מיט הונדערט יאָר צוריק...

און אָט איז גאָר אַ שאַפּ אין מיטן מאַרק. מען פלעכט די מאַטעריע פאַר די הויזן און טאָגעס. די „זאָ צו זאָגן מאַשין" שטייט אַ סך נידעריקער פון די „וועב מאַשינען" אין די אָפּגעשטאַנענע דערפער פון ליטע. דער „פאַבריקאַנט" זיצט אויף אַ שטיין. אין אַ קערבל נעבן אים געפינען זיך אַ סך שפּולקעס מיט באַוול און ער אַרבעט מיט דער שיפעלע.

נעבן אים איז אַ פאַרקויפער פון אַזאַ סאָרט פליסיגקייט, וועל־כע פאַרניכטעט די פּאַראַזיטן אין די האָר. דער עולם קויפט די פליסיגקייט גאַנץ געשמאַק. קענטיק מען נוטיקט זיך אין דעם זייער שטאַרק.

און אָט זיצט אַ בלינדער בעטלער אויף דער ערד. אונטער אים איז אַן אויסגעשפּרייטער טעפּיך. ער שפּילט אויף אַ פּרימי־טיווער איינסטרונינגער פידל. די גאַנצע פידל זעט אויס ווי אַ פיר־עקיגע קעסטל מיט אַ לאַנגן האַלדז. אין דער צווייטער האַנט האַלט ער דעם סמיטשיק — זייער ענליך צו די סמיטשעקס, וועלכע מיר, ווען מיר זיינען געווען קינדער, פלעגן מאַכן פון אַ שטעקל און די האָר פון אַ פערדס עק. ער שפּילט זייערע אָריענטאַלישע נגונים, און דעם עולם, קענטיק, געפעלט עס, ווייל ער האָט אַרום זיך אַ גרויסן עולם און מען הערט זיך אויפמערקזאַם צו.

דער מאַרק איז ניט ברוקירט. פון דער ווייטנס זעט ער אויס ווי אַ גרויסער פּלאַץ, אָנגעפילט מיט מענטשן, פערד, קעמלען, אייזלען ,רייטער מיט געווער. זעט אויס ווי אַן אָפּרו־פּלאַץ פאַר אַן אַרמיי, אָנגעטאָן אין וועג. העכער פון אַלץ זעט מען פון דער ווייטנס די תליה, וועלכע באַשטייט פון צוויי זייער הויכע סלופּעס, איבערגעוואָרפן פון אויבן מיט אַן אַנדער סלופּ אין דער ברייט. און דאָרטן, ווייטער פון מאַרק, הויבט זיך דער באַרג אין די הימלן אַריין.

אין שטאָט אַריין גייט מען ניט, נאָר מען קריכט, אָדער מען פאָרט רייטנדיק באַרג אַרויף. מען מוז זיך שטאַרק היטן גייענדיק. און אָט גיי איך שוין דורך דעם קאַטעדראַל פון דעם הייליקן דזשאָרדזש. דער דזשאָרדזש איז עפּעס באַ זיי דער באַליבטסטער הייליקער. אַ סך גרויסע קלויסטערס זיינען געבויט אויף זיין נאָ־מען. דער קאַטעדראַל איז איינער פון די גרעסטע קלויסטערס אין אַביסיניע, זעט אויס ווי אַ שטערן מיט זיבן עקן, האָט אויף זיך אַ גאָלדענעם קופּאָל, וועלכער זעט אויס ווי אַ קאַנוס (קעפּל צוקער), און גאָר אויבן איז אַ מאַסיווער, גרויסער, ברייטער גאָלדענער צלם. די אַרכיטעקטור איז זייער אַן אינטערעסאַנטע, עס דערמאָנט אונדז אָן דער גאָר אַמאָליקער אַרכיטעקטור פון די גרויסע טעמפּלס אין אַזיע מיט די היינטמאָדישע מיטלען פון בויאונג. דער טעמפּל האָט

אַרום זיך אַ שיין פּעקל פּאַרזיטן: כהנים, לוויים. באַדינער ציילן זיך דאָ אין די שווערע הונדערטער. און די אַלטמאָדישע, פאַר־צייטיקע עם־הארצים איבן אויס אַ גרויסן איינפלוס אין אַדיס אַבאַבאַ . . .

4

## דאָס לאַנד עטיאָפּיע

די היינטיקע עטיאָפּיע באַשטייט פון אייניקע פּראָווינצן, ווי טיגער, גאיאם, גאַלאַ, אמהארא*), שאָא**) און אנד. מיט עטיאָפּיע זיינען פאַרבונדן נאָך פּראָווינצן, וועלכע זיינען אין אינערלעכן לעבן מער זעלבסטשטענדיק, נאָר פּאָליטיש זיינען זיי ענג פארבונדן מיטן מעכטיקן נעגוס נעגוסטי (קעניג פון קעניגן) העיל סעלאסיע, און ער האלט זיי אונטער זיין שוץ. דאָס לאנד געפינט זיך הויך איבערן אויבערפלאַך פון ים און שטעלט מיט זיך פאָר א באַרגיקע געגנט. עטיאָפּיע איז באַזייט מיט זייער הויכע בערג, וועלכע שניידן דורך דאָס לאַנד אין די פארשידנסטע ריכטונגען. זי פאַרנעמט א שטח פון 432,000 קוואַדראַט מייל פון וועלכע ארום 350,000 קוואַדראַט מייל איז גוט פאר באַארבעטונג. ווי געזאָגט, האָט אביסיניע ניט קיין אייגענעם ארויסגאַנג צום ים. אירע טעריטאָריעס ביי די ברעגן פון די ימים האָבן פאַרכאַפּט די ענגלענדער, פראנצויזן, איטאַליענער.

די צאָל פון דער באפעלקערונג איז אומבאַשטימט — עטיאָפּיע האָט קיינמאָל ניט געציילט איר באַפעלקערונג, אבער מען שאַצט די גרויס פון דער באַפעלקערונג אין צוועלף מיליאָן, פון וועלכע מען שאַצט א פינף מיליאָן קריסטן פון דעם אַלטן קאפּטישן גלויבן און די איבעריקע זיבן מיליאָן באַשטייען פון מאַכמעדאַנער, געצנדינער און אידן. די היינטיקע עטיאָפּיער זיינען ניט ראסן־ריין. זיי שטעלן מיט זיך פאָר א געמיש פון אַראַבער, אידן און אפריקאנער־נעגערס. ריין בלוטיקע אפריקאנער נעגערס זיינען אין לאנד זייער ווייניק און

*) אמהאראס שפראך איז געוואָרן די אָפיציעלע שפראך פון לאַנד.

**) שאָא איז שבא, דערקלערן די עטיאָפּיער. זיי זאָגן אז שאָא האָט אמאָל געהייסן שבא און פון דער פּראָווינץ שטאַמט דאָס די מלכה שבא.

צווישן זיי איז דאָס געצנדינערייַ זייער פאַרשפּרייט. נאָר וואונדער־באַר איז, אַז זיי, די עטיאָפּיער, וועלן ניט דערציילן, אַז זיי האָבן אין זיך אַראַבישע און נעגערישע בלוט, נאָר זיי וועלן אַלע מאָל אונטער־שטרייכן, אַז זיי שטאַמען פון אידן, און שטעלן מיט זיך פאָר אמתע פולבלוטיקע סעמיטן. זייער צייטרעכענונג הייבט זיך אָן מיטן פאַלן פונם בבל'ער טורעם און זיי באַרימען זיך, אַז, ניט קוקנדיק אַף זייער אַלט־אַלטער געשיכטע, זיינען זיי קיינמאָל ניט באַזיגט געוואָרן, כאָטש זיי האָבן דורכגעמאַכט טויזנטער יאָרן פון מלחמות און אָפּט־מאָל מיט פיל שטאַרקערע פון זיך שונאים. און מלחמות האָט טאַקע עטיאָפּיע אין אָנהויב פון דער קריסטלעכער צייטרעכענונג געפירט א סך ווי אין אפריקע, אזוי אויך אין אַזיע, האָט אפילו אין זעקסטן יאָרהונדערט איינגענומען דעם אַראַבישן האַלב אינזל — אַפן צווייטן זייט פון רויטן ים. אין אינערלעכע מלחמות איז זי פאַרבונדן אפילו היינט צו טאָג.

עטיאָפּיע איז א פעאָדאַלע מלוכה, ד. ה. דאָס לאַנד איז איינ־געטיילט אין פּראָווינצן און אין יעדער פּראָווינץ איז דאָ א באַזונדער הערשער — א קליין קעניג, א באַראָן, א פּרינץ צי א הויפּטלינג, צו וועמען די פּראָווינץ געהערט. דער הויפּטלינג פון דער פּראָווינץ האָט זיין הויפּט שטאָט, זיין הויף, זיין ארמיי. ער זאַמלט דאָס די צינזן פון זיין באַפעלקערונג, ער עקספּלואַטירט די באַפעלקערונג פאַר זיינע נוצן, פּראָפיטן. צווישן די פאַרשידענע פּראָווינצן, ווי צווישן פרעמדע מלוכות קומען אַלע מאָל פאָר רייבונגען, אָפט אפילו אָנפאַלן, קריג, מלחמות. ס'זיינען געווען אפילו אַזעלכע שטאַרקע און רייכע הויפּטלינגע פון פּראָווינצן, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן אין מאַכט מיטן הויפּט הערשער און ס'האָט אפילו געטראָפן, אַז זיי האָבן פאַרכאַפּט די הויפּט מאַכט און דעם טראָן פונם קעניג פון די קעניגן. אזוי האָט דער איצטיקער העיל סעלאַסיע אויך פאַרכאַפּט דעם טראָן, זייענדיק פריער א הויפּטלינג פון א פּראָווינץ. אין אַלגעמיין פאָדערט זיך א באַזונדער קלוגשאַפט פונם הויפּט הערשער אין דעם אויפן ווי אזוי צו באַגיין זיך מיט די פּראָווינציעלע הערשער. מיט אַזעלכע פּראָווינציעלע הערשער מוז זיך דער קייזער באַגיין העכסט טאַקטיש: באַשטראָפן די שוואַכערע און חנפענען און אפילו אָפט אונטערקויפן די שטאַרקערע.

און די געשיכטע פון עטיאָפּיע איז א געשיכטע פון מלחמות צווישן די פאַרשיידנסטע פּראָווינצן און פון די באַציאונגען פון די פאַרשיידנסטע הערשער צום קייזער אליין. פאַר דער לעצטער צייט איז די הויפּט-אויפגאַבע פון דער עטיאָפּיער צענטראַלער רעגירונג, וואָס מער אָפּשוואַכן די מאַכט און זעלבסטשטענדיקייט פון די פּראָווינציעלע הערשער און מאַכן זיי פאַר אונטערטעניקע באַאַמטע פון דער הויפּט רעגירונג אין לאַנד. אויסער דער פעאָדאַלער סיסטעם, וועלכע איז פאַראורטיילט צוליב דער שטענדיקער געפאַר באַזיגט צו ווערן פון די ווייסע און אויך צוליב דעם אריינדרינגען פון קאַפּיטאַליזם אין לאַנד, צום אונטערגאַנג, איז דאָ נאָך א הויקער אפן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד — דאָס איז די איינטיילונג פון דער באַפעלקערונג אין קאַסטעס. די צוויי שטאַרקסטע מעכטיקסטע קאַסטעס, וועלכע האָבן א גוואַלטיקן איינפלוס אפן לאַנד זיינען די מיליטער און די גייסטלעכע. א נידעריקערן פּלאַץ פאַרנעמען די ערד-אַרבעטער און נאָך א נידעריקערן אָרט פאַרנעמט דאָס פאָלק אליין, וועלכער איז אויך איינגעטיילט לויט די פּראָפעסיעס אין העכערע און נידעריקערע קלאַסן.

עטיאָפּיע פאַרמאָגט א גרויסע ארמיי, כאָטש פּרימיטיוו באַוואפנט. בא איר איז נאָך אלץ די ווירקזאַמסטע געווער א שפּיז, א מעסער, אָן אלטער ביקס, די ווירקזאַמסטע פאַרטיידיקונג א שילד פון האַרטן רימען אדער מעטאַל. אַזאַ באַוואפנונג האָט געקענט זיין גוט מיט 600 יאָר צוריק, נאָר ניט היינט צו טאָג ווען ארמייען אין אייראָפּע און אמעריקע פאַרמאָגן די ריזיקסטע קאַנאָנען, מיליטערישע עראָפּלאַנען, גיפטיקע גאַזן, מיט וועלכע זיי קענען אין א פּאָר מינוט צייט פאַרניכטן גאַנצע שטעט, אויסשלאַכטן גאַנצע ארמייען. דאָך זיינען כמעט אלע עטיאָפּיער באַוואפנט. יעדער באַראָן — פעאָדאַל האָט זיין באַזונדער ארמיי לויט זיינע מעגלעכקייטן און נויטן.

אויסער די רעגולערע סאָלדאַטן איז די גאַנצע באַפעלקערונג באַוואפנט. יעדער איינער, אפילו קינדער, טראָגן וואפן: א שפּיז, א מעסער און אמאָל אן אלטמאָדישן ביקס. פּשוט, דאָס לעבן אין אפריקע, וואו מען טרעפט אָפט און טאַקע זייער אָפט ווילדע חיות, פאָדערט עס. צום מיליטערישן קלאַס באַלאַנגען אלע די, וואָס דינען אלס סאָלדאַטן און די נידעריקע און העכערע אָפיצערן ביז דעם קעניג



דריי שטאַרק באוואפנטע עטיאָפּישע פרויען

פון די קעניגן סעלאַסיע אליין, וועלכער איז דער פירער פון דעם גאַנצן מיליטערישן קלאַס, אָדער קאַסטע, אין עטיאָפּיע.

אויך שטעלט מיט זיך פאָר די קאַסטע פון די גייסטלעכע אַ גרויסע קראַפט אין לאַנד. איבערן לאַנד זיינען פאַראַן ארום 1500 קלויסטערס, יעדער קלויסטער פאַרמאָגט ארום צוויי הונדערט גלחים און פארשיידענע אנדערע גאָטס באַדינער. גרויסע קלויסטערס האָבן ביז דריי הונדערט גייסטלעכע. אויסער דעם זיינען דאָ אין לאַנד ארום 20,000 מאָנאַכן און 5000 נאָנעס. אין אלגעמיין רעכנט זיך אין לאַנד, אז א פינפטל פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג מאכט אַ לעבן פון גאָט. זיי אלע האָבן איבערן פאָלק א גרויסן איינפלוס.

זייער איינפלוס איז דארום גרויס אויך אויף דער רעגירונג; מיט אַזאַ ריזיקער מאַכט מוזן זיך די קעניגן, פרינצן, באַראָנען און הויפּט־לינגע שטאַרק רעכענען און דערפאר טאַקע פאַרנעמען זיי אזא אָנגעזעענעם און פּריווילעגירטן אָרט אין עטיאָפּישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. די קאַסטע פון די גייסטלעכע איז ניט באַוואָפנט (יעזוס אַליין מוז זיי פאַרהיטן פון אלדאָס בייז). דאָס פאָלק איז פּרימיטיוו. ניט געבילדעט, שטייט קולטורעל אין דער פאַרציוויליזאציע עפּאָכע און דאַרום האָט ער נאָך אזא רעספּעקט צו אלע זיינע אויסלייזער ווי פון דעם מיליטערישן אזוי אויך פון דעם גייסטלעכן קלאַס.

אָבער די אלע וויכטיקע באַאמטע, אנגעזעענע גלחים, גרויסע סטראַטעגיקער האָבן כמעט קיין בילדונג ניט געקראָגן. זיי זיינען פּרימיטיוו פראַסט. זעלטן ווען אימיצער פון די גלחים קען גוט לייענען און ווי געהעריק פאַרשטיין די שריפטן אין זייער אלטער שפּראַך — גיז, אין וועלכער זייערע הייליקע ספרים זיינען געשריבן געוואָרן. דאָס פאָלק פאַרשטייט א וואָרט ניט פון דער שפּראַך. זעלטן אפילו ווער עס פאַרשטייט די אָפיציעלע שפּראַך אין לאַנד — די אמהאריק שפּראַך, וועלכע איז די אומגאַנגס שפּראַך בלויז אין איינער פון די פראָווינצן — אמהארא. בלויז א פינפטל פון דער באַפעלקערונג באַהערשט אין ריידן די שפּראַך, פיר־פינפטל פון דער באַפעלקערונג פאַרשטייט איר אפילו ניט. און אין דער שפּראַך ווערן געפירט די משפטים, גייען ארויס די אָפיציעלע דאָקומענטן, ווערן געשריבן קאָנטראַקטן.

ערשט פאר די לעצטע פאָר צענדליק יאָר, עפּנט מען מער און מער שולן, אין וועלכע מען לערנט די צוויי שפּראַכן. ביז גאָר ניט לאַנג זיינען אפילו קיין שולן אין עטיאָפּיע ניט געווען, און אפילו איצט רעכנט זיך אין גאנצן לאַנד ניט מער ווי 50 שולן. דאָס פאָלק אין די פאַרשידענע פּראָווינצן רעדט אין די פאַרשידענע פּראָווינציעלע דיאַלעקטן פון דער לעבעדיקער נעגערישער שפּראַך. נאָר צו די שפּראַכן באַציען זיך די העכערע קאַסטן מיט פאַראַכטונג, ווי צו שפּראַכן פון שקלאַפן.

די דערציאונג פון דער יוגנט איז א ריין רעליגיעזע. פון קיין וועלטלעכער דערציאונג ווייסט מען דאַרטן ניט. אין די שולן לערנען זיך די קינדער פון גאָר די רייכע צוליב א קאַריערע, ווייל די שולן

גיבן זיי א מעגלעכקייט צו פאַרנעמען די העכסטע פּאָסטנס ווי בא דער רעגירונג און אי צווישן די גייסטלעכע.

גראַדע די מאַכמעדאַנער האָבן פּראָפּאָרציאָנעל א סך מער שולן, און נאָך אין א גרעסערער פּראָפּאָרציע איז פאַרשפּרייט די בילדונג צווישן די שוואַרצע אידן.

מער ווי ניין-און-ניינציק פּראָצענט פון פאָלק ווייסן ניט וואָס הייסט לייענען, וואָס הייסט שרייבן. די פּראָגרעסיווערע מאַכטהאָבער האָבן איינגעזען, אַז ווייטער אַזוי קען מען ניט גיין. פּרואוון עפענען שולן, שרייבן אפילו אויס אויסלענדישע לערער, פּראָפעסאָרן. שיקן אייניקע פון די פּייאיקסטע יונגע לייט זיך צו לערנען אין אייראָפּע און אמעריקע — זיי וועלן דאָס זיין די ערשטע שוואַלבן פון די מאָדערנע פאָלקס לערער, אינסטרוקטאָרס, פּראָפעסאָרן.

די פאָרשטייער פון מיליטערישן קלאַס שטייען אין בילדונג נאָך נידעריקער פון די גייסטלעכע, און אלץ וואָס זיי אינטערעסירט איז דער צושטאַנד פון מיליטאַריזם איבער דער וועלט. נאָר אַזוי ווי קיין ביכער, צייטונגען (וועלכע זיינען אגב ניטאָ) לייענען זיי ניט, ווייל זיי קענען ניט לייענען אפילו די אָפיציעלע שפּראַך, ווייסן זיי זייער ווייניק אפילו פון זייער פאַך אויך. זיי הערן אַמאָל, וואָס מען גיט זיי איבער, אז „ווייסע" האָבן געזאָגט, אז זיי האָבן ריזיקע קאַנאָנען, מיליטערישע עראָפּלאַנען, נייע וועגן פון מלחמה, מלחמה גאַזן. עס מאַכט אויף זיי א גרויסן רושם, אבער זיי באַנעמען דאָס ניט, ווייל זיי איז די אנטוויקלונג פון סטראַטעגיק און טעכניק אין גאַנצן פרעמד, ווייל מיט זייער פירן מלחמות, מיט זייער געווער שטעקן זיי נאָך אין מיטלאַלטער, כאָטש אין גרונט גענומען זיינען זיי גוטע סאָלדאַטן, בראַווע יונגען, קענען א סך איבערטראָגן, ליידן, און מיט דעם, וואָס זיי זיינען סאָלדאַטן, שטאָלצירן זיי. א גוטער שיסער אפילו פון פאָלק ווערט שטאַרק רעספּעקטירט. א פּשוטער בעטלער, וועלכער האָט דערהרגעט א לייב, האָט א רעכט פאַרצו-שטעלן זיך פאַרן קעניג און ווייזן אים די טראָפּייען פון זיין העלדיש-קייט — דעם לייבס פעל און מיט דעם קריגט ער שוין די פּריווילעגיע טראָגן אף זיך אלע מאָל די פעל מיט אַזאַ שטאָלץ, ווי אייראָפּעאישע סאָלדאַטן טראָגן מלחמה מעדאַלן.

עטיאָפּיע איז באַוואוסט דער וועלט פון די גאָר אלטע צייטן,

געפינענדיק זיך באַם רויטן ים אין מזרח־צפֿון פֿון אפֿריקע, האָט זי אַלעמאָל געררייצט די אַפּעטיטן פֿון די אַלע אימפּעריאַליסטן פֿון די גאָר אַלטע צייטן און פֿון דער צייט פֿונם מיטלאַלטער. די פֿאַר־שידנסטע וועלט איינגעמער פֿון אַזיע און אייראָפּע, ביז מוסאָלינין היינט צו טאָג, האָבן געשטרעבט באַזיגן די שוואַרצע און מאַכן זיי פֿאַר אונטערטעניקע שקלאַפֿן, אָבער זיי האָט זיך דאָס קיינמאָל ניט איינגעגעבן. און די מלחמות זיינען געווען שוידערלעכע, גרויזאַמע און דאָך איז עטיאָפּיע ביז היינט צו טאָג דאָס איינציקע לאַנד אין אַפֿריקע, וועלכע איז ניט באַזיגט געוואָרן און וועלכע ווערט פֿריי רעגירט פֿון אייגענע הערשער. די געשיכטע פֿון עטיאָפּיע איז זייער אַ רייכע, זייער אַן אינטערעסאַנטע אַפֿילו אַ באַלערנדע, דאָך איז נאָך קיין געשיכטע פֿון עטיאָפּיע און עטיאָפּיער נאָך ניטאָ. ס'זיינען דאָ פֿאָלקס דערציילונגען, לעגענדעס, פּנקס'עס, באַשרייבונגען אין די הייליקע ספֿרים, אָבער קיין געשיכטע, ווי מיר פֿאַרשטייען, איז נאָך אין עיטאָפּיע ניט געשריבן געוואָרן. פּשוט דאָס פֿאָלק איז נאָך ניט דערוואַקסן צו דעם.

די געשיכטע, וואָס זיי די אַביסיניער דערציילן איז בלויז אַ גע־שיכטע פֿון די פֿעאָדאַלן, פֿון דעם קאַמף, וואָס די פֿעאָדאַלן האָבן געפֿירט צווישן זיך צוליב די גרעניצן, כבוד, ווייבער, פֿאַר רויב. וועגן גרויסע היסטאָרישע געשעענישן וועלן זיי אויך מיט פֿאַרגעניגן דערציילן מיט אַלע פּינקטלעכקייטן. די אַלע מעשׂות גייען פֿון מויל צו מויל, פֿון דור צו דור.

עטיאָפּיע האָט ניט קיין אינדוסטרי, ווייס ניט פֿון קיין מאַשינען, האָט אַפֿילו ניט קיין ריכטיקע ווערקשטאַטן. אַלץ ווערט געטאָן מיט דער האַנט און אַף אַ זייער פּרימיטיוון אופֿן. עטיאָפּיע פֿאַרמאָגט אַפֿילו ניט קיין גרויסע שטעט. אַ דאַנק דעם, וואָס דאָס לאַנד איז נאַטירלעך רייך און אייראָפּייער זיינען אין גרעסערע מאָסן אָנגעקו־מען צו עקספּלואַטירן די רייכטימער פֿון לאַנד און הויפּטזעכלעך ווייל אַדים אַבאַבאַ איז די הויפּט־שטאָט און דער הערשער וויל האָבן אַרום זיך אַ גערדיכטע באַפֿעלקערונג, פֿאַרמאָגט היינט די הויפּט־שטאָט מיט די אַרומיקע דערפֿער אַ באַפֿעלקערונג פֿון אַרום 200,000. אירע אַנדערע „גרעסטע" שטעט האָבן אַ באַפֿעלקערונג פֿון צען ביז פֿופֿצן טויזנט. דאָס גאַנצע לאַנד איז פֿאַרזייט מיט גרעסערע אָדער

קלענערע דערפער און קליינע שטעטלעך, מיט אַן אומבאַדייטנדער באַפעלקערונג, און דאָס לעבן אין די דערפער און שטעטלעך האָט זיך ניט געביטן פאַר די לעצטע פאַר טויזנט יאָר. מען לעבט ווי מענטשן אין די היילן און מען פירט אַ קאַמף מיט חיות און שלאַנגען...

קיין ליטעראַטור, ווי מיר פאַרשטייען, איז אין אַביסיניע ניטאָ. עס זיינען דאָ די פאַרצייטיקע הייליקע שריפטן אין דער פאַרצייטיקער שפּראַך גיז, און פאַרטיק. און לויט דעם צושטאַנד פון פאָלק, וועט נאָך מוזן נעמען אַ גאַר לאַנגע צייט ביז די עטיאָפּיער וועלן אָנהויבן שאַפן אין זייערע פאָלקס שפּראַכן. ביז אַ געוויסער פאָלקס שפּראַך וועט ווערן די אַנערקענטע ליטעראַרישע שפּראַך, ביז עטיאָפּיע וועט ווערן קולטורעל, עקאָנאָמיש, גייסטיק און פּאָליטיש אַ ציוויליזירטעס לאַנד.

עס איז מיר אויסגעקומען צו זען זייערע בילדער — פּרימיטיוו, אפילו קינדיש. אָבער מאָדנע איז דאָס, וואָס מיר איז ניט אויסגעקומען צו זען קיין איין בילד, אף וועלכער עס זאָל געמאָלט ווערן דער אמת׳ער עטיאָפּיער, דער שוואַרצער. אַלע טיפּן זיינען סעמיטיש, אפילו אידיש — ריין בלוטיקע ווייסע סעמיטן און ווי סעמיטן מאָלט מען אפילו זייערע אַלע הייליקע אין די קלויסטערס, אַלע העלדן פון זייער פאַרגאַנגענהייט און די אַלע אנטיילנעמער אין די היסטאָרישע מאָמענטן פון זייער לעבן.

אַזוי זיינען אויך זייערע אויסשניצונגען אף ביינער, האָלץ, שטיינער, מעטאַלן... זייער קונסט אַרבעט פון פלעכטן קערבלעך, אויסנייאַכץ שטייט שוין אף אַ העכערער מדרגה, אפילו שענער פון די אַרבעטן פון אונדזערע אַמעריקאַנער אינדיאַנער.

דער איצטיקער קעניג העיל סעלאַסיע האָט פאַרנומען דעם עטיאָפּישן טראָן נאָך פאַרשידענע אינטריגעס, מאָרדן, פאַרראַט, פאַרניכטענדיק אַלע זיינע קעגנער. דאָך מוז מען צוגעבן, אַז ער איז דער ערשטער קעניג פון די קעניגס, וואָס האָט פאַרשטאַנען, אַז עטיאָפּיע איז אַלע מאָל אין געפאַר פאַרכאַפּט צו ווערן פון די מעכטיקע אימפּעריאַליסטישע מלוכות, אַז זיין טראָן, די רייכקייטן פון לאַנד, די זעלבסטשטענדיקייט פון דאָס לאַנד קען מען ראַטעווען בלויז דורך דעם, אַז עטיאָפּיע זאָל פאַרוואַרפן דעם אַלטמאָדישן

פּרימיטיווּן שטייגער פון לעבן און ווערן א מאָדערנע ציוויליזירטע לאַנד. עפענען מאָדערנע שולן, מיטל שולן, אוניווערסיטעטן, איבער־נעמען פון אייראָפּע אַלץ דאָס, וואָס קען העלפן אנטוויקלען דאָס לאַנד, אנטוויקלען אין לאַנד א מאָדערנע אינדוסטרי, אנטוויקלען דאָס לאַנד קאַפּיטאַליסטיש ד. ה. אריבערגיין פון פעאָדאַלן אַרט לעבן צום מאָדערנעם קאַפּיטאַליסטישן, קומען אין א נעענטערן קאָנטאַקט מיט די מאָדערנע ציוויליזירטע לענדער, אריינגיין אין דער משפּחה פון אלע מאָדערנע ציוויליזירטע פעלקער פון דער וועלט און פירן זיך אזוי, ווי עס פירן זיך די אלע ציוויליזירטע מלוכות אויף דער וועלט. גלייך נאָך דעם, ווי ער האָט פאַרכאַפּט דאָס לאַנד, די מאַכט, געוואָרן דער נעגוס נעגוסטי (קעניג איבער אַלע קעניגן) פון עטיאָפּיע, האָט ער אָנגעהויבן גרינדן שולן, קולטורעלע און קונסט געזעלשאַפטן, איינגעפירט מער מאָדערנע געריכטס־הייזער, אריין אין דער ליג פון נאַציעס, געגרינדעט א גאַנצן דעפּאַרטמענט צו קעמפן קעגן שקלאַ־פעריי אין זיין לאַנד, געשיקט די בעסערע יוגנט אין אייראָפּע און אמעריקע צו שטודירן, האָט זיך ארומגערינגלט מיט אייראָפּעאישע און אמעריקאַנער פּראָפעסאָרן, וויסנשאַפטסלייט, קריגס־פירער און ער איז אין גאַנצן אונטער זייער איינפלוס, און ער, צוזאַמען מיט זיינע אנהענגער אין לאַנד און מיט די אַנגעשטעלטע פון די פרעמדע ווייסע לענדער, פירן אין דאָס לאַנד דורך די גרויסע רעוואָלוציע — דאָס איבערגאַנג פון פעאָדאַלן צום קאַפּיטאַליסטישן שטייגער פון לעבן.

און ביי דעם איצטיקן צושטאַנד פון לאַנד איז דאָס זייער א שווערע פּראָבלעם.

שטעלט אייך פאָר, אַז קיין ביכער און צייטונגען זיינען נאָך ניטאָ אין עטיאָפּיע, אַז א טעלעפאָן איז די גרעסטע זעלטנהייט, אפילו קיין געשריבענע ווענדונגען פון קעניג איבער די קעניגן צום פאָלק גייען נאָך ניט ארוים. די אלע ווענדונגען פון קעניג ווערן איבער־געגעבן דעם פאָלק דורך לויפערס (עשטאַפּעטן), וועלכע קלאַפּנדיק שטאַרק אין די פּויקן, רופן צענויף דאָס פאָלק און ער, דער לויפער, גיט איבער דאָס פאָלק דעם קעניגס ווילן. די לויפער דינען אויך אלס א צייטונג — זיי גיבן איבער דאָס פאָלק די לעצטע נייעס פון הויף, פון מלחמות אָדער פון אויסלאַנד.

דער קעניג קעמפט שטארק קעגן שקלאפעריי. שקלאפעריי איז אין עטיאפיע א שטארק אנטוויקלטע אינסטיטוציע. די שקלאפן הענדלער ציען פון דעם געשעפט ריזיקע פראפיטן. א סך שקלאפן ווילן אליין ניט באפרייט ווערן. זייערע באלעבאטים באזארגן זיי מיט דאס נויטיקסטע. דאס פאלק לעבט ארים — קיין פאבריקן, ווערקשטאטן זיינען אין לאנד ניטא. בעטלער אף די גאסן זיינען דא איבערן לאנד מער ווי גענוג. און כדי צו עקזיסטירן האבן זיי בלויז איין וועג:—פארבלייבן אף וויטער שקלאפן. די געזעלשאפט באציט זיך צו שקלאפעריי ווי צו א נויטיקע איינגעפונדעוועטע אינסטיטוציע. בא אזא לאגע איז טאקע דער רעגירונג שווער צו קעמפן קעגן שקלאפעריי. כאטש אפיציעל איז שקלאפעריי איבערן לאנד אפגעשאפט, דאך קומט פאר דער האנדל מיט שקלאפן איבערן גאנצן לאנד, אויב ניט אפיציעל, איז באהאלטענערהייט. נאך היינט צו טאג קומען פאר אנפאלן פון הויפטלינגע מיט זייערע סאלדאטן אף גרויסע דערפער מיטן איינציקן צוועק צו פארכאפן שקלאפן. מען הרגעט אוים אלע אלטע, מען שמידט די יונגע מענער, פרויען און קינדער אין קייטן און מען פירט זיי אוועק אין אזיע צו פארקויפן. דער וועג איז א געפערלעכער, ווייל פון אומעטום לויערן אף זיי די אגענטן פון דער עטיאפישער רעגירונג און די אגענטן פון דער אינטערנאציאנאלער געזעלשאפט, וועלכע קעמפט קעגן שקלאפעריי, און ווען מען פאקט די שקלאפן-הענדלער, קריגן זיי אזא שטראף, אז זיי וועלן שוין פארזאגן זייערע אייניקלעך און אוראייניקלעך ניט צו האנדלען מיט שקלאפן. די שקלאפן-שיפן גייען מערסטנס באנאכט אין דער פינצטער, מיידן אוים די אלע פארטן, וואו זיי קענען זיך טרעפן מיט זייערע פארפאלגער און אלץ ווערט געטאן בסוד סודות. און ניט איינמאל האט זיך געטראפן, אז ווען די שקלאפן הענדלער האבן באמערקט, אז מען יאגט זיך נאך זיי, און אז מען וועט זיי אין גיכן כאפן, פארניכטן זיי די אלע עודות פון זייער פארברעכערישן האנדל —זיי ווארפן אריין אין ים די אלע שקלאפן, וועלכע זיי האבן געפירט מיט זיך. אפילו איצט זיינען דא אין לאנד ארום צוויי מיליאן שקלאפן, און אזא פאלק איז זייער שווער צו פירן צו א מאדערנעם ציוויליזירטן לעבן.

5

# די רעליגיע און גערעכטיקייט

עטיאָפּיע איז געווען איינע פון די ערשטע מלוכות אַף דער וועלט אָנצונעמען דעם קריסטלעכן גלויבן (אין יאָר 330 נ. ק.) און זי האָט דערהויבן דאָס קריסטנטום צו דער שטופע פון דער לאַנדס הערשנדער רעליגיע.

קריסטענטום מיט זעכצן הונדערט יאָר צוריק האָט זיך נאָך געפונען אין אירע וויקעלעך, איז נאָך כמעט ניט געווען בולט אָפּגעטיילט און אָפּגעזונדערט פון איר מוטער־רעליגיע, פון אידענטום. קריסטענטום איז נאָך געווען א סעקטע פון אידנטום, האָט זיך אונטערשיידט פון איר מוטער־רעליגיע אין קלייניקייטן, אזוי, אז איד און קריסט אין יענע צייטן האָבן זיך ווייניק אונטערשיידט. און צו עטיאָפּיע זיינען נאָך ניט דערגאַנגען די אַלע גזעצן פון קאָנסטאַנטין דעם גרויסן, וועלכע האָבן באַצוועקט אינגאַנצן אָפּצופרעמדן דעם קריסטליכן גייסט פון דעם אידישן, און אויב זיי זיינען יע דערגאַנגען, האָבן זיי ניט געהאַט די געווינשטע ווירקונג, דעם געווינשטן איינפלוס.

עס איז כמעט שוין פעסטגעשטעלט, אז איידער די הערשנדע, העכערע קלאַסן פון די עטיאָפּיער האָבן אָנגענומען קריסטענטום, זיינען זיי, לויט זייער רעליגיע, געווען אידן, און צו יענער צייט זיינען געווען גלענצנדע אויסזיכטן, אז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל אריבערגיין צום אידנטום און די אידישע רעליגיע זאָל ווערן די מלוכה־רעליגיע פון עטיאָפּיע. נאָר עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז עטיאָפּיע איז געווען פאַרוויקלט אין אַ מלחמה, און זי האָט זיך גענויטיקט אין אויסערלעכער הילף. אָט די דאָזיקע הילף האָט איר צוגעזאָגט ביזאַנטיע, אויב זי וועט אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן, און עטיאָפּיע איז אַף דעם איינגעגאַנגען און פון דאַן אָן ווערט די מלוכה־רעליגיע אין עטיאָפּיע די קריסטלעכע.

אָבער די קריסטלעכע רעליגיע פון עטיאָפּיע קען מען פאַר קיין פאַל ניט אָננעמען פאַר א קריסטלעכער, ווי מיר אַלע פאַרשטייען דאָס, ווייל זי איז דאָס ניט. קריסטענטום און אידנטום האָבן זיך אין עטיאָפּיע אויסגעמישט אין איין רעליגיע. און עס איז אַנטשטאַנען א קריסטלעך־אידישע רעליגיע — א מאָדנע קריסטענטום, וואָס

מען זעט עס אין ערגעץ ניט אָן, אויסער אין עטיאָפּיע. אָפיציעל איז זי פאַרבונדן מיט דעם עלטסטן צווייג פון קריסטענטום — מיט דער קאָפּטישער קירכע (צו וועלכער עס באַלאַנגען אויך די קריסטן פון מצרים און וועמעס אויבערהערשאַפט זיי אנערקענען). די קירכע אונטערשיידט זיך פון אַלע אַנדערע קריסטלעכע קירכעס מיט דעם, וואָס זי אַנערקענט ניט דאָס מענטשלעכע אין גאָטס זון, יעזוסן. זי אנערקענט, אז ער איז געווען דורך און דורך הייליק, געטלעך. דאָך אונטערשיידט זי זיך אפילו פון די קאָפּטער אין מצרים; זי איז מער אידישלעך. די קאָפּטער סעקטע, וועלכע גע־פינט זיך בלויז אין מצרים און אין עטיאָפּיע איז די עלטסטע סעקטע. און א סך דינים, מנהגים זיינען דאָרטן נאָך פאַרבליבן ריין אידישע.

אויסער דעם איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אז ווען גרויסע מאסן אידן האָבן אַנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן, האָבן זיי אין דעם נייעם גלויבן אריינגעטראָגן א סך פון זייער פריערדיקן אידנטום. מען קען כמעט אַננעמען, אז די עטיאָפּיער זיינען, לויט זייער רע־ליגיע, קריסטן־אידן, קריסטלעכע אידן אָדער אידישע קריסטן. און זיי פאַרדריסט ניט, וואָס א סך מנהגים, טראַדיציעס, באַגריפן זיינען בא זיי אידישע, אדרבא, זיי זיינען נאָך שטאָלץ מיט דעם.

די קעניגן אונטערשטרייכן בא יעדער פּאַסנדער געלעגנהייט, אז זיי שטאַמען דירעקט פון דעם אידישן קעניג שלמה המלך און זיין געליבטער מלכה שבא. די געלערנטע באַווייזן דאָס כמעט דאָקו־מענטאַל — מיט דעם פאַמיליען־בוים פון שלמה המלך, פון דעם צווייג, וועלכער איז א רעזולטאַט פון זיינע ליבעס באַציאונגען מיט דער קעניגין שבא, וועלכע איז געווען א ריין־בלוטיקע עטיאָפּערן פון דער פּראָווינץ שאַא( וועלכע האָט אויך געטראָגן דעם נאָמען שבא). פון דער ליבע איז געבאָרן געוואָרן מענעליק דער ערשטער. און פון דעם צווייג שטאַמט דירעקט דער אור־אור־אור אייניקל פון שלמה המלך, דער איצטיקער הערשער פון עטיאָפּיע, העיל סעלאַסיע.

זיי ווילן אייך דערציילן אָן א סוף מעשיות וועגן דער מלכה שבאָ, איר און שלמהס זון מענעליק, וועלכער איז געבאָרן געוואָרן אין ירושלים, ארץ ישראל, און האָט זיך געהאָדעוועט אין שלמה המלך'ס פּאַלאַץ ביז דעם אכטצענטן יאָר פון זיין געבורט. שלמה המלך האָט געגעבן זיין זון א ריין אידיש־רעליגיזיע דערציאונג, און

מענעליק איז פאַרבליבן אַן אמת פרומער איד זיין גאַנצן לעבן, הייליק אָפּהיטנדיק אַלע אידישע דינים און מנהגים. זיי ווען אייך דערציילן, אַז מענעליק איז געווען דער גרעסטענסטער זון ביי שלמהן, שלמהס ליבלינג; ווי די אידן האָבן זיך דערשראָקן, אַז שלמה גרייט אים צו צו זיין דער קעניג פון די אידן נאָך זיין טויט און זיי האָבן ענערגיש פּראָטעסטירט, און ווען די פּראָטעסטן האָבן ניט געהאָלפן, האָבן זיי געסטראַשעט שלמהן, אַז זיי וועלן אויפבונטעווען דאָס גאַנצע פאָלק; דאַן האָט זיך שלמה דערשראָקן און ער איז געווען געצוואונגען אוועקצושיקן זיין באַליבט קינד צו דער מוטער אין עטיאָפּיע.

מענעליק, זייענדיק א אידישער פרומער יונגערמאַן, העכסט באַגייסטערט פאַר דער אידישער רעליגיע, האָט באַשלאָסן, אַז קו־מענדיק אין זיין מוטערס לאַנד, וועט ער די עטיאָפּיער באַקערן צום אידישן גאָט און דערפאַר האָט ער אויך באַשלאָסן צוגנבענען פון בית המקדש די צוויי לוחות. ער האָט נאָכגעמאַכט די לוחות פּונקט ווי זיי זיינען געווען, האָט די נאָכגעמאַכטע אוועקגעלייגט אין ארון אין בית המקדש און די אמתע האָט ער צוגענומען. שלמה המלך האָט פון דעם ניט געוואוסט. פאַרן פאַרלאָזן ארץ ישראל האָט אים שלמה המלך געגעבן אלס מתנה טויזנט יונגעלייט פון זיין עלטער — יונגעלייט פון די שענסטע אידישע משפחות. און מיט די יונגע־לייט האָט ער זיך אוועקגעלאָזן אין וועג צו זיין לאַנד. צו זיין מוטער דער קעניגין. מיט גרוים פאַראַד האָט ער פאַרלאָזן זיין פאָטערלאַנד, ארץ ישראל.

שלמה האָט אָבער אינגיכן באַמערקט די גנבה און ער האָט אַוועקגעשיקט מענטשן אים נאָכיאָגן און אָפּנעמען די גנבה, די צוויי לוחות. און ווען די נאָכיאָגערס זיינען שוין געווען ניט ווייט פון אים, האָט זיך געטראָפן א נס: די ערד האָט זיך געעפנט און מע־נעליק מיט די לוחות מיט די טויזנט יונגעלייט זיינען אריין אין דער ערד, און זיי האָבן אין דער ערד דערזען א ברייטע, גוטע וועג, וועלכע גייט אין דער ריכטונג צו זיין מוטער־לאַנד. און ער איז אַוועק מיט דער וועג, וועלכע האָט זיך פאַר אים געצויגן אפילו אונטערן רויטן ים, און ער איז ארוים אף דער ליכטיקער וועלט אין זיין לאַנד, נעבן דער שטעטל אקסום. דאָרטן האָט ער געהייסן אויסבויען א אידישן טעמפּל לויט זיינע און די אידישע יונגעלייטס

אָנווייזונגען, און אין דעם טעמפּל האָט ער אריינגעגעבן די צוויי אמתע לוחות, וועלכע דער אידישער גאָט האָט געגעבן די אידן אפן בארג סיני. אין ירושלים זיינען פון דאַן אָן פאַרבליבן די פאַלשע, די נאָכגעמאכטע לוחות. גלייך ווי מען האָט אויסגעבויט דעם טעמפּל, האָט דער אידישער גאָט געשיקט אַף דער שטאָט אקסום א רעגן, אָבער ניט קיין געוויינלעכן, נאָר א רעגן מיט גאָלד. עס האָט גערעגנט מיט גאָלד זיבן טעג און זיבן נעכט. די איינוואוינער האָבן דאָס גאָלד צענויפגעקליבן און מיט דעם גאָלד באַפּוצט דעם טעמפּל. פון דאַמאָלסט אָן איז אָקסום די הייליקסטע שטאָט אין עטיאָפּיע.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זיינען לעגענדעס און לעגענדעס, וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן אין דער פאַנטאַזיע פון שוואַרצן פאָלק און האָבן הינטער זיך זייער ווייניק אמת. נאָר די לעגענדעס ווערן דערציילט פון דור צו דור, זיי זיינען אריין אין די הייליקע ספרים פון עטיאָפּיע און מיט די לעגענדעס, וועלכע דאָס פאָלק נעמט אָן פאַר אַ געשיכטלעכן אמת, שטאָלצירן זיי. זיי זיינען אריין אין עטיאָפּיער פאָלקלאָר.

אין דער גאַנצער מעשה מוז דאָ זיין אַף אזוי פיל אמת אַף וויפיל אידן אין דער צייט, ווען זיי האָבן געהאַט זייער אייגענע מלוכה און דערנאָך, ליידנדיק אין געפאַנגענשאַפט, פלעגן קומען אין עטיאָפּיע, וועלכע האָט זיך געפונען אַף דער צווייטער זייט פון רויטן ים, אַז מעגלעך אָקסום איז געווען די ערשטע שטאָט וואו זיי פלעגן זיך אָפּשטעלן, און די אידן האָבן אויסגעאיבט א גרויסן איינפלוס און א סך פון דער העברער עטיאָפּיער באַפעלקערונג האָבן אָנגענומען דעם אידישן גלויבן.

אָבער דערנאָך, אין זייער אנטוויקלונג, ווען קיין אידישע מלוכה האָט ניט עקזיסטירט, ווען די אידישע קראַפט איז אינגאַנצן צעבראָכן געוואָרן און פון אידן, אלס פּאָליטישע מאַכט האָבן זיי גאָרניט געקענט געווינען, פאַרקערט נאָך, דאָס אידנטום, אין וועלכן זיי האָבן געגלויבט, האָט זיי פּאָליטיש א סך געשטערט, און ווען די אויפגייענדע ביזאַנטישע קריסטלעכע מאַכט האָט זיי צוגעזאָגט הילף אין זייערע פאַרטיידיקונגס און עראָבערונגס מלחמות מיטן באַדינג, אַז

זיי זאָלן אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן, האָבן זיי נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון ביזאַנטיע און אָנגענומען די קריסטלעכע רעליגיע. א סך, גאָר א סך האָבן דאָס ניט געוואָלט טאָן, און די איינגע'עקשנטע זיינען פאַרבליבן אידן, און ביז היינט צו טאָג האָבן מיר אין עטיאָפּיע א הונדערט טויזנט אידן באַקאַנט אונטערן נאָמען די שווארצע אידן אָדער די פאַלאַשן.

אָבער עס בלייבט אלץ דער פאַקט, אַז פאַרן איבערנעמען דעם קריסטלעכן גלויבן, זיינען די העכערע קאַסטן אין לאַנד לויט זייער רעליגיע געווען אידן.

אינטערעסאַנט איז, אַז אפילו דאָ ניט לאַנג, בּאַ דער קרוינונג פון דעם איצטיקן הערשער פון עטיאָפּיע, העיל סעלאַסיע, זיינען דורכגעפירט געוואָרן א סך צערעמאָניעס, געלייענט געוואָרן א סך תפילות, וועלכע זיינען ריין אידיש (איך באַנוץ דאָ דעם וואָרט אידיש אין דעם רעליגיעזן זין). דער קעניג אליין האָט דעם טיטל „דער זיגרייכער לייב פון דעם שבט שבט יהודה", און די פאָן פון שבט יהודה איז די פאָן פון גאַנצן עטיאָפּישן פאָלק, און די פאָן פלאַטערט איבערן גאַנצן גרעניץ פון עטיאָפּיע אַף אַ שטח פון דריי טויזנט מייל. זי פלאַטערט איבער אלע רעגירונגס-געביידעס. דער הויפּט גלח (אבונא — „אונדזער פאָטער") האָט דעם קעניג געזאַלבט אזוי, ווי שמואל הנביא האָט געזאַלבט דודן. דער אבונא האָט געהאַלטן א רעדע, דערקלערנדיק, אַז דער קעניג העיל סעלאַסיע שטאַמט אָפּ דירעקט פון מענעליק דעם ערשטן, דעם באַליבסטן זון פון שלמה המלך און פון דער מלכה שבאָ און אין דער צייט פון דער קאָראָנאַציע האָבן די גלחים געזונגען: „געבענשט זיי, דו קעניג פון ישראל!"

אין יעדן קלויסטער זיינען דאָ אַ סך כהנים און לויים. יעדער קלויסטער האָט אַ הייליקן חדר, אין וועלכן עס געפינען זיך די צוויי לוחות אין אַן ארון. בּאַ די גאָטעסדינסטע נעמען זיי ארויס דעם ארון פון הייליקן צימער און די גלחים טאַנצן ארום אים דעם אידישן הייליקן טאַנץ. אין דעם הייליקן צימער, וואו עס געפינען זיך די לוחות, טאָר קיינער, אויסער דעם הויפט גלח, ניט אריין. אָבער ווען מען טראָגט ארויס דעם ארון פון דעם הייליקן צימער, ווערט שוין דער צימער אוים הייליק.

יעדער קלויסטער האָט דריי אָפּטיילונגען, און די דריטע, וואו עס געפינט זיך דער ארון מיט די לוחות, איז די קדשי קדשים. באַם דאַוונען טראָגן די גלחים א ספּעציעלן טוך איבערן קאָפּ און האַלטן דעם טוך אַזוי, ווי איצט אונדזערע כהנים באַם דוכענען. די טיכער זענען טאַקע אַזוי ווי די טליתים.

די אַביסינער זיינען מל זייערע קינדער צום אַכטן טאָג, אַזוי ווי בּאַ אידן. שבת און זונטיק זיינען בּאַ זיי די הייליקע טעג, די טעג פון רו, עסן געמיינשאַפטלעך אין קלויסטער און דאַוונען. אַבער שבת שטעלן זיי העכער פאַר זונטיק. זיי ווערן גיכער טאָן אַן ארבעט אום זונטיק, אַבער פאַר קיין פאַל ניט אום שבת, ווייל שבת איז דער טאָג פון פאַלקאָמענער רו.

דער נייער יאָר פאַלט בּאַ זיי אויס ניט ארום דעם ערשטן יאַנואַר, נאָר אין מיטן פון חודש סעפּטעמבער, ווי בּאַ אונדז אידן ראש השנה. באַם גאָטעסדינסט שפּילן זיי אָף האַרפעס, צימבלס, ציטרעס און בּאַראַבּאַנען. זיי היטן אָפּ טריף און כשר פון די בהמות און עופות. און די בּאַגריפן פון כשר און טריף פלייש זיינען בּאַ זיי די זעלביקע ווי בּאַ אידן פון דער גאַנצער וועלט, לויט די געזעצן פון משה רבינו. (צו דער זעלביקער צייט מישן זיי פליישיקס און מילכיקס צוזאַמען). אפילו דעם גלויבן אין יעזוסן האָבן זיי אָנגע-נומען מיט רעזערוואַציעס.

ניט אומזיסט דערקלערן אַ סך קריסטן, אַז עטיאָפּיער קריסטנטום איז די פאַרדאָרבענסטע אָף דער וועלט. און טאַקע, וואָס קען פאַר אַ קריסט זיין ערגער, ווען מען מישט אריין אין קריסטענטום א סך פון די אידישע דינים און מנהגים? דאָס קריסטענטום איז אַן אומ-געזעצלעכעס קינד פונם אידנטום און אָט זיינען מיליאָנען קריסטן, וועלכע האָבן גאָר פאַרמישט די יוצרות, און האַלטן פון אַזאַ קריסטנ-טום, וואָס איז כמעט אידיש... און ניט אַזוי גרינג איז אָנגעקומען די עטיאָפּיער אָנצוהאַלטן זייער משונהדיקע אפּיקורסישע קריסטנ-טום. די קריסטלעכע וועלט לערנט זיי, ווייזט זיי, שיקט זיי מיסיאָ-נערן כמעט פון אלע קריסטלעכע גלויבנס און סעקטעס, פון אלע קריסטלעכע לענדער און עס העלפט ניט, זיי ווילן ניט אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן אין דער איצטיקער פאָרמע.

אין די קלויסטערס זיינען אַלע בילדער פון די הייליקע מיט אַ אידישן אויסזען, און דאָס קען מען באַמערקן ניט נאָר פון בילדער פון דער ביבלישער עפּאָכע, נאָר אפילו פון בילדער פון זייערע אייגענע עטיאָפּישע הייליקע און פון בילדער, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר געשעענישן פון דער מאָדערנער צייט. און די אידן אַף די בילדער זיינען ניט פון די שוואַרצע, נאָר פון די בלייכע ווייסע הייליקע און טוער. אַלע פּנימער זעען אויס פון אידן פון דער אַמאָ־ליקער ארץ ישראלדיקער צייט. די פּולבלוטיקע אידן אַף זייערע הייליקע און וועלטלעכע בילדער זיינען געמאָלן מיט ליבע, מיט סימפּאַטיע.

די עטיאָפּיער פּראַקטיצירן, ווי אידן אַמאָל, פּיל ווייבעריי. זיי האָבן קעפּס־ווייבער. דאָך פאַרנעמט די פרוי אַ גאַנץ בכבודיקן אָרט אין הויז, אין גאַס און אין געזעלשאַפט, און פּרויען שפּילן אַ גאַנץ גרויסע ראָלע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד. די פרוי איז דאָרטן אַ פולבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דער הויזגעזינד, פון דער משפּחה און פון דער געזעלשאַפט, אין דער צייט ווען אַפן גאַנצן אָריענט איז די פרוי אַ קנעכט, אַ באַהאַלטענע אין די האַרעמס, איז באַרויבט פון אַלע רעכט און טאָר זיך ניט ווייזן אין דער געזעלשאַפט.

באַם דאַווענען ברענגען זיי קרבנות און פון די קרבנות האָבן דאָס די גלחים דאָס גאַנצע פלייש, וואָס זיי דאַרפן האָבן פאַר זייער געברויך. אויסער דעם קריגט יעדער גלח אַ שטיקל לאַנד, וועלכע די מיטגלידער פון זיין קלויסטער דאַרפן באַאַרבעטן. אויב עס פעלן אויס מענטשן, באַאַרבעט ער זיין לאַנד אליין. די גלחים מעגן חתונה האָבן.

די מאַכמעדאַנער אין עטיאָפּיע זיינען רעכט־גלויביקע אין מחמדן און זיין הייליקן בוך — דעם קאָראַן. זיי מוזן שווין זיין פון אַראַבישן אָפּשטאַם. די געצנדינער, וועלכע גלויבן אין גייסטער, שטערן, טייוו־לאָנים, מוזן שטאַמען פון די אמתע ריינבלוטיקע נעגערס פון דרום אָדער צענטראַל אפריקע.

כאָטש די הערשנדע רעליגיע איז די קריסטלעכע (קריסטלעך־אידישע), דאָך אונטערדריקן זיי ניט די אַנדערע רעליגיעס. די מאַכ־מעדאַנער, אַזוי אויך די געצנדינער און די אידן־פאַלאַשן, זיינען אַנערקענט פון דער צענטראַלער רעגירונג און האָבן אין זייערע

רעליגיעזע ענינים די פולסטע אויטאָנאָמיע. דער איצטיקער הערשער, העיל סעלאַסיע, איז זייער סימפּאַטיש צו די שוואַרצע אידן און ער האָט אפילו אין 1928 זיי געגעבן פון זיין אייגן געלט 5000 דאלאר צו קויפן א פּלאַץ פאר דער צווייטער שול אין אדיס אַבאַבאַ, אום צו לערנען דער אידישער יוגנט די עיקרים פון דער אידישער רעליגיע. די ערשטע אידישע שול פאר געבן די פאַלאַשן א אידיש-רעליגיעזע דערציאונג האָט געגרינדעט דער באַוואוסטער דר. פייטלאָוויטש מיט די מיטלען פון דעם אַמעריקאנער פראָ-פאַלאַשן קאָמיטעט.

נאָך אינטערעסאַנטער איז, אז די גערעכטיקייט ווערט אין אַבי-סיניע אויסגעטיילט כמעט פּונקט ווי בא אונדז אידן אין דער ביבלי-שער עפּאָכע אין ארץ ישראל. זיי האָבן ניט קיין אייגענע געזעצן, זיי האָבן אויך ניט אָנגענומען קיין געזעצן פון די קריסטלעכע פעל-קער, נאָר זיי משפּטן לויט משה רבינוס געזעצן. דאָס וואָס די גאַנצע וועלט האָט פאַרוואָרפן, דאָס וואָס אפילו בא אונדז אידן איז שוין כמעט ווי אָפּגעלעבט, פּראַקטיצירן זיי אין לעבן און משה רבינוס געזעצן זיינען בא זיי די געזעצן פון לאַנד. און די געזעצן האָבן זיי אָנגענומען אָן רעזערוואַציעס, אָן אויסבעסערונגען, אָן די אלע דער-קלערונגען, אויסטייטשונגען, ווי בא אונדז אידן האָבן געאַרבעט די געזעצן. זיי האָבן זיי אָנגענומען אזוי זיי גייען און שטייען אין בוכשטעבליכן זין. דערפאר זיינען זייערע שטראָפן גרויזאַמער, באַר-באַרישער ווי אַמאָל בא אונדז אידן. אידן זיינען געווען ווייכהאַרציק, האָבן געגעבן אלע מעגלעכקייטן דעם פאַרברעכער צו רעכטפערטיקן זיך און האָבן אפילו געגעבן מעגלעכקייטן דעם פאַרברעכער, וועלכער איז פאַרמשפּט צום טויט, פון טויט צו אַנטלויפן. בא די עטיאָפּיער איז דאָס ניטאָ. די פאַרברעכער קריגן א פולע שטראָף אן אויג פאר אַן אויג, א לעבן פאר אַ לעבן. און אָפט אפילו נאָך ערגער, נאָך גרוי-זאַמער: ווען מען גנבעט דעם ערשטן מאָל, האַקן זיי אָפּ די האַנט, וועלכע איז דעם פאַרברעכן באַגאַנגען. צום צווייטן מאָל האַקט מען אָפּ א פוס, צום דריטן מאָל די צווייטע פוס און צום פערטן מאָל די צווייטע האַנט.

טויט-שטראָף איז א טאָג-טעגלעכע דערשיינונג. אין יעדן שטעטל, גרויסן דאָרף, איז דאָ אפּן מאַרק-פּלאַץ אַ תליה, אָף וועלכער די פאַר-משפּטע ווערן געהאַנגען.

אָפּט קען מען איבער די גאַסן, אין מאַרק, זען איינעם, וועלכער איז מיט אַ שווערער קייט צוגעשמידט צו אַ צווייטן און איינער אָן דעם אַנדערן קען זיך ניט באַוועגן. דאָס האָט מען דעם בעל חוב צוגעשמידט צו זיין קרעדיטאָר, פאַרוואָס ער האָט זיין חוב ניט באַצאָלט אין צייט און ער איז אַזוי לאַנג צוגעשמידט צום קרעדיטאָר, ביז וואַנען נאָענטע ברייגנען דעם חוב מיט די פּראָצענטן, וואָס דעם קרעדיטאָר קומט. דאַן שמידט מען אים אָפּ און מען באַפרייט אים.

אָט אַזוי לעבט זיך דאָס אַ פאָלק, וואָס פירט כמעט אַ אידישן אַלטמאָדישן לעבן און וואָס איז פאַר דער וועלט דורך און דורך קריסטלעך — דאָס עטיאָפּישע פאָלק.

1

# איך טרעף זיך מיט די פאַלאַשען

## (די שוואַרצע אידן אין עטיאָפּיע)

עס איז טאַקע אַן אמת: מיר, די אידן, זיינען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. אין מיין רייזע אַרום דער וועלט האָב איך קיין איינציק לאַנד ניט געטראָפן, וואו עס זאָלן ניט זיין קיין אידן. אומעטום זיינען זיי דאָ און אומעטום פּאַסן זיי זיך צו צום קלימאַט, פּירונגען, אַרט לעבן און צו דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון דעם באַשטימטן לאַנד. זיי אַסימילירן זיך טייל־ווייז מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג, אַסימילירן זיך ניט נאָר אין אַרט לעבן, שפּראַך, גייסט, נאָר אויך אפילו אויסערלעך. זיי קריגן אפילו די פיזישע שטריכן פון די פעלקער, ראַסן, צווישן וועלכע זיי לעבן.

עס איז זייער שווער בײַ דער ערשטער באַקאַנטשאַפט, בײַ די ערשטע איינדרוקן צו אונטערשיידן צווישן אַ כינעזישן אידן און אַ פול־בלוטיקן ריינעם כינעזער, אַן אינדישן איד — פון די „בני ישראל" פון די הינדוס. אויך איז בײַ דער ערשטער באַגעגעניש זייער שווער צו אונטערשיידן אַ שוואַרצן איד — אַ פאַלאַש, פון דער אַרומיקער שוואַרצער באַפעלקערונג. טויזנטער אורזאַכן האָבן אין פאַרלויף פון טויזנטער יאָרן דורכגעקרייצט זיך, כדי די אידישע באַפעלקערונג פון דעם געגעבענעם לאַנד זאָלן אפילו פיזיש אויסזען ווי די אַרומיקע.

מיר איז ניט לאַנג צוריק אויסגעקומען לייענען אַ בוך פון איינעם אַ געוועזענעם האַלב ווילדן נעגער פון די דזשאָנגלס אין אַפריקע, פון לאַ־באַגאַלאַ, וועלכער איז נאָך אינגלווייז אַרייגעפאַלן אין די הענט פון ענגלענדער און וועלכער האָט דערנאָך געקראָגן אַ הייכע בילדונג אין ענגלאַנד. אָט דער לאַ־באַגאַלאַ דערציילט, אַז ער שטאַמט פון אידן. זיינע אור־אור עלטערן האָבן אַמאָל געמוזט וואוי־נען אין צפון אַפריקע, נאָר אין די מלחמות מיט די ווילדע שבטים האָט מען זיי אַלץ ווייטער און ווייטער פאַרטריבן אין צענטראַל אַפריקע. דאָרטן האָבן זיך זיינע אור־אור עלטערן צוגעפּאַסט צום

לעבן אין דזשאָנגל. דאָס הייסט זיי זיינען פּשוט פאַרווילדעוועט געוואָרן און לעבן נאָך היינט צו טאָג ווי האלב ווילדע: גייען אום נאַקעט, לעבן אין הייל, גריבער און משפּחות — דערפער, האַלטן אָן דעם אייביקן פייער — אָפּצושרעקן די חיות פון אריינדרינגען אין דאָרף. דער דאָרף איז ארומגערינגלט מיט אבי ווי אָנגעוואָר־פענעם צאָם. זיי לעבן פון די פּרוכט אין דזשאָנגל, פון יאַגד נאָך חיות, פיש פאַנג און פירן אָן אייביקע מלחמה מיט די חיות און שלאַנגען אין דזשאָנגל. זיי ווייסן ניט פון הייזער, געפעס. זיי עסן, טרינקען, שלאָפן און פאַרברענגען ווי חיות און האָבן ניט קיין באַגריף, אַז ערגעץ וואו לעבן מענטשן אביסל אַנדערש, ווי זיי.

וועגן די שווארצע אידן פון אפריקע — די פאַלאַשן איז מיר אייניקע מאָל אויסגעקומען צו הערן און לייענען. אָבער איך האָב דאָס אָנגענומען גיכער פאַר א לעגענדע, ווי עפּעס ווירקלעכעס. און וועגן טרעפן זיך מיט זיי האָב איך אפילו קיינמאָל ניט געטראַכט.

און איינמאָל בין איך, זייענדיק, אלס רייזנדער, אין יענע געגנטן, אריין אין א שענק, צו א טרינקהויז — געוואָלט זיך דערפרישן מיט א קאַלטן טרונק. טרינקנדיק האָב איך באַמערקט אז איינער, אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און דרייסיק, קוקט אָף מיר זייער אויפמערקזאַם. שוין אפשר א צען מינוט און ער נעמט פון מיר די אויגן ניט אראָפּ. דערנאָך באמערק איך, ווי ער הייבט זיך אויף און דערנענטערט זיך צו מיר. עס איז מיר געוואָרן אביסל אומהיימלעך. ער גייט טאקע צו און פרעגט מיך אין העברעאיש — צו איך בין א איד. איך ענטפער אים — יאָ.

און ער דערציילט מיר, אַז ער איז אויך א איד, א איד פון סאָפיע, בולגאַריע. ער געפינט זיך שוין דאָ באַלד פיר יאָר. ער קויפט איין פעלן פון חיות און עקספּאָרטירט זיי קיין אייראָפּע. ער רעדט א סך שפּראַכן, נאָר אין קיין שפּראַך, ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, איז ער ניט היימיש. אין העברעאיש ריידן זיינען מיר ביידע ניט געווען קיין גרויסע קינסטלער, זיינען מיר אריבער אויף דייטש. איך אין מיין אידישן דייטש און ער אין זיין סלאַווישן דייטש, מישנדיק אין דער שפּראַך א סך פרעמדע ווערטער און דערצו צוהעלפנדיק מיט די הענט, פינגער און פאַרשיידענע מינעס. דער

בולגאַרער איד האָט זיך קענטיק פאַרבענקט נאָך א אידן און איז געווען העכסט צופרידן מיט מיר צו ריידן, צו פאַרברענגען. איך, פון דער אַנדער זייט, האָב געזוכט ווי מיט ליכט איינעם אַזאַ, וועלכער זאָל מיר ווייזן, אַרומפירן, באַקאַנען, אינפאָרמירן וועגן די אייגנטימלעכקייטן פון דעם אָרטיקן לעבן. און ער האָט מיט פאַר־געניגן אויף זיך די ארבעט גענומען.

ער האָט מיר באַוויזן אַלץ, וואָס פאַר א פרעמדן איז אינטע־רעסאַנט צו זען. ער האָט מיר וועגן אַלץ אינפאָרמירט און אלע מיינע פאַרלאַנגען דורכגעפירט. צווישן אַנדערש האָט ער מיר גע־זאָגט, אַז איך בין דער ערשטער מזרח אייראָפּייער איד, וואָס ער האָט געטראָפן אין די געגענטן.

— עס קומען אמאָל אידן, אונזערע אידן, אָבער זיי זיינען פונם אָריענט אָדער פון מערב אייראָפּע.

ער האָט צווישן אַנדערש דערציילט, אַז ער האָט, ארומפאָרנדיק איבער עטיאָפּיע, געטראָפן נעגער־אידן, שוואַרצע אידן. דאָס האָט מיר אפן העכסטן גראַד פאַראינטערעסירט און דערפרייט. איך האָב אים געבעטן, אפשר קען ער מיר טאָן אַ טובה, צונויפפירן זיי מיט מיר. איך וויל זיי זען, איך וויל זיי קענען.

יע, געוויס, ער וויים דאָ פון צוויי אזעלכע אידן.

און ער האָט מיין פאַרלאַנג דורכגעפירט. שוין אויף מאָרגן האָט ער מיך צונויפגעפירט מיט די צוויי „נעגער אידן”. זיי האָבן אַף מיר געמאַכט אַן איינדרוק פון אמת'ע פולבלוטיקע נעגערס, וועלכע שיידן זיך מיט גאָרנישט פון דער אַרומיקער פרימיטיווער נעגערשער באַפעלקערונג.

דער בולגאַרער איד איז דאָ געוואָרן מיין איבערזעצער, כאָטש ער אליין האָט זייער ווייניק געקאָנט זייער שפּראַך — די אומגאַנגס שפּראַך פון די עטיאָפּיער אין דער געגנט.

די צוויי „נעגער אידן” האָבן מיר פאַרזיכערט אַז זיי זיינען אידן, אַז דאָ אין לאַנד זיינען דאָ א סך אזעלכע אידן, גאָר א סך. זיי וווינען אין באַזונדערע דערפער, פירן אַן אמת אידישן אָרט לעבן, זיינען פרום, פירן דורך די אַלע געבאָטן פון גאָט און פון משה'ן.

באַ זיי, באַ די שוואַרצע אידן — די פאַלאַשן, איז זייער פאַר־שפּרייט די לעגענדע, אַז זיי שטאַמען פון די אידן פון ארץ ישראל,

פון יענע אידן, וועלכע שלמה המלך האָט מיטגעגעבן דער מלכה שבא אַף איר וועג אהיים און דערנאָך די טויזנט יונגע לייט און געלערנטע אידן, וועלכע שלמה המלך האָט דערנאָך געגעבן זיין באליבטן זון מענעליק, וועלכער איז אויך געווען דער באליבטער זון פון דער מלכה שבא. אָט דער מענעליק איז דאָס געווען דער ערשטער קעניג אין עטיאָפּיע פון שלמה המלכ׳ס דינאַסטיע און אַז דער היינטיקער נעגוס נעגוסטי (דער קעניג איבער אלע קעניגס) העיל סעלאַסיע איז דער 140טער אָפּשטאַם דירעקט פון דער שלמה דינאַסטיע. זיי דערציילן, אַז ער, דער ערשטער מענעליק, שלמהס און מלכה שבא׳ס זון, איז געווען זייער א פרומער און גאָטספאָרכ־טיקער איד און זייער איבערגעגעבן די אינטערעסן פון דער אידישער רעליגיע. ער האָט געבויט אידישע טעמפלען, האָט פאַרפאָלגט די געצנדינער, זיי צווינגענדיק אָנצונעמען דעם אידישן גלויבן און האָט פאַרשפּרייט די אידישע רעליגיע אין זיין לאַנד. די „גרויסע מענטשן״ פון זיין צייט האָבן אָנגענומען די אידישע רעליגיע און שפּעטער צו איז די אידישע רעליגיע געוואָרן די הערשנדיקע אין לאַנד. צו איר האָבן באַלאַנגט גאַנצע מיליאָנען עטיאָפּיער.

אַזוי ווי אַלע אָריענטאַלישע פעלקער — באַזיצן אויך די פאַ־לאַשן א רייכן פאָלקלאָר. זיי האָבן ליב צו דערציילן מעשות, לע־גענדעס, מעשות אָן א סוף. צווישן די לעגענדעס, מעשות זיינען דאָ א סך, וואָס זיינען ענלעך צו די מעשות פון טויזנט און איין נאַכט. אַלץ מיט נסים, מיט וואונדער איבער וואונדער. אין אַלץ האָט געשטעקט גאָטס האַנט, גאָטס ווילן, גאָטס חכמה און זיין אומבאַ־גרייפלעכער געדאַנק. זיי דערציילן די לעגענדעס מיט אַזאַ הייליקן געפיל, מיט אַזאַ באַגייסטערונג, ווי די חסידים דערציילן נסים פון זייערע רבי׳אים, און זיי דערציילן דאָס פשוט, גלויבן אין דעם. די אַלע נסים זיינען באַ זיי נאַטירלעך. אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס אין די לעגענדעס שפּיגלט זיך אָפּ דער פאָלקס־גייסט פון דעם אידישן שווארצן שבט אין עטיאָפּיע. זייערע לעגענדעס זיינען פול מיט קריגערישקייט, העלדנטאַטן, מלחמות מיט די ארומיקע שבטים און אפילו מיט דער צענטראַלער רעגירונג פאַר זייער גלויבן, זעלבסט־שטענדיקייט, פאַר די אידישע דינים און מנהגים. אין זייערע לע־גענדעס שפּיגלט זיך אָפּ זייער קוק אַף זיך, ווי אויף די, וועלכע

דינען דעם אמתן גאָט. עס שפּיגלט זיך אָפּ זייער שטאָלץ, וואָס זיי שטאַמען פון אידישן פאָלק — דעם אויסדערוויילטן פאָלק, און זיי גלויבן, ווי אַלע רעליגיעזע אידן פון דער וועלט, אַז ס'וועט קומען אַ צייט און זיי וועלן אויסגעלייזט ווערן פון גלות; משיח (באַ זיי טעאָדאָראָס) וועט זיי ברענגען צוריק אין אידישן לאַנד, דאַן וועלן אַלע פעלקער פון דער וועלט אנערקענען, אַז דער אידישער גאָט איז דער אמתער און די אַלע פעלקער וועלן זיך באַקערן צום יודנטום, און דאַן וועלן אויפהערן מלחמות, קריגערייען, שקלאַפערײַ, אונטער־דריקונגען און אַלע מענטשן וועלן לעבן ווי ברידער פון איין משפחה.

איך וועל דאָ ברענגען אַ פּאָר מעשהלעך זייערע, וועלכע זיינען פאַרשפּרייט באַ די קריסטן ווי באַ די אידן, און וועלכע זיינען פאַר־צייכנט אין די עטיאָפּישע כראָניקעס.

## 2
## די מעשה וועגן דער שיינער יהודית*)

שוין לאַנג, לאַנג, אַז די אידן זיינען געקומען אין עטיאָפּיע. זיי זיינען דאָרטן נאָך פון שלמה המלכס צייטן. זיי האָבן געלעבט פרייַנטלעך מיט די עטיאָפּיער און האָבן ניט געפירט צווישן זיך קיין קריגערייען, קיין מלחמות. די אַרומיקע באַפעלקערונג האָט רעספּעקטירט און ליב געהאַט די אידן און אַ סך פון זיי זיינען אריבער צום אידישן גלויבן. אָט די נייע אידן זיינען מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן זייער נייעם גלויבן און זיינען גרייט געווען צו גיין פאַר אים אין פייער און אין וואַסער. די אידן האָבן געהאַט זייערע מלוכות אויף זייער הייכע בערג מיט זייערע הויפּט־שטעט אָף די שפּיצן פון די בערג. קיין קראַפט האָט זיי ניט געקענט באַזיגן, אפילו דעם נעגוס נעגוסטים ארמייען האָבן אַלע מאָל געליטן

*) די מעשה האָט אין זיך אַ סך אמת, נאָר דער אמת ווי באַ אַלע אָריענטאַלע און פרימיטיווע פעלקער איז שטאַרק צוגעפּאַרבט, מיט אַ סך גוזמאות. די שיינע יהודית האָט געשטאַמט, ווי אייניקע כראָניקער גיבן איבער, פון דער אידישער קעניגלעכער פאַמיליע פון עטיאָפּיע, אַנדערע כראָניקער באַהויפּטן, אַז זי איז געווען מיידלוויז אַ פּשוטע דאָרפישע פאַלאַשין. איך האַלט זיך דאָ אָן דער צווייטער ווערסיע.

נידערלאַגעס אין די פֿאַלאַשישע בערג און האָבן אַלע מאָל געמוזט מיט שאַנדע צוריקטרעטן. די אידן פֿלעגן זיי פֿון די היילן און פֿון די שפּאַלטן אין די בערג מיט שטיינער פֿאַרוואַרפֿן און אויסהרגענען.

און דער בלוטדורשטיקער פּאַפּסט אין רוים, דערוויסנדיק זיך פֿון דעם, איז אַריין אין גרויס צאָרן און ער האָט באַשלאָסן צו העלפֿן דעם נעגוס נעגוסטי אין זיין הייליקן קאַמף קעגן די זינדיקע אידן אויף די בערג. און ער האָט געשיקט אַ גאַנצע אַרמיי פֿון מיסיאָנערן, גלויבנדיק, אַז ווען די איינגעשפּאַרטע זינדיקע אידן אין אַפֿריקע וועלן אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן, וועט מען שוין ניט דאַרפֿן פֿירן קיין מלחמות מיט זיי.

און די אָנגעקומענע רוימישע מיסיאָנען האָבן זיך מיט אַ באַזונ־דער ברען און פֿאַנאַטיזם אַ נעם געטאָן צו זייער „הייליקער" אַרבעט צו ראַטעווען די זינדיקע אידישע נשמות. זיי האָבן זיך פֿאַרשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד און אומעטום האָבן זיי זייער טייוולישע אַרבעט אָנגעפֿירט. די מיסיאָנערן, צוזאַמען מיט די קעניגלעכע אַרמייען, זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן די אידן. די מיסיאָנערן מיטן צלם און עוואַנגעליום אין די הענט און די אַרמייען מיט שפּיזן, שווערדן און מעסערס האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו דער הייליקער אַרבעט. און אַך און וויי איז געווען יענע דערפֿער, וועלכע דער צלם און דער שווערד האָבן איינגענומען. זיי פֿלעגן פֿאַרוויסטן די דערפֿער, אַלע אַלטע לייט אויסהרגענען די יונגע פֿרויען און מענער און קינדער אָפּשמדן, פֿאַרבינדן מיט שטריק די הענט און די פֿיס און פֿאַר שקלאַפֿן פֿאַרקויפֿן, כדי אַוועקשיקן זיי וויט ווייט אין אַפֿריקע, אָדער גאָר אין אַזיע.

דאָס האָט אַרויסגעבראַכט די פֿאַלאַשן פֿון געדולד. די פֿאַלאַשן, וועלכע זיינען אַלע געווען באַוואָפֿנט, אַלע מאָל קריגעריש געשטימט, האָבן נאָר געוואַרט אויף דעם אויסדערוויילטן, וועלכער זאָל זיי פֿירן אין קריג אָפּצורעכענען זיך מיט די מיסיאָנערן און דעם קעניג אַליין. און אַזאַ געלעגנהייט איז אין גיכן געקומען.

אין אַ דאָרף, אין די בערג, האָט געוווינט אַ אידישע מיידל מיטן נאָמען יהודית, וועלכע איז געווען אַזאַ שיינהייט, אַז צו 14 יאָר האָט זי געהאַט טויזנטער פֿאַרערער. וועגן אָט דער בילד שיינער יהודית האָט מען גערעדט אין אַלע הייזער אין די בערג. איר שיינ־

קיים האָבן אי די אידן און אי די עטיאָפּיער באַוואונדערט. א סך עטיאָפּיער האָבן אָנגענומען דעם אידישן גלויבן, כדי אין די אידישע דערפער צו קענען וווינען און האָבן די מעגלעכקייט אמאָל אין איר ליכטיקן פּנים אריינקוקן. מיט דער צייט האָט זיך איר פאַרערער־שאַפט געציילט אין די צענדליקער טויזנטער.

און וועגן דעם האָט זיך דערוואוסט א רוימישער מיסיאָנער און ער האָט א טייוולשן פּלאַן אויסגעארבעט: מיטן באַקערן איר צום קריסטנטום, וועט ער באַקערן צום קריסטנטום מיט אמאָל אלע אירע צענדליקער טויזנטער אנהענגער, און ער איז געקומען צו איר מיט זיסע ריידעלעך און מיט צוזאָגן איר גילדערנע בערג אויף דער און אויף יענער וועלט, אויב נאָר זי וועט אָננעמען דעם אמתן אידישן גלויבן — קריסטנטום.

יוהדית איז ניט איינגעגאַנגען. דאַן האָט ער איר אָנגעהויבן סטראַשען מיט די אלע פייערן פונם גהנים, מיט פאַרשפּילן די און יענע וועלט. יהודית האָט אים אויף דעם קאַטעגאָריש דערקלערט, אז זי איז א פרומע פאַלאַשין און וועט פון איר גלויבן ניט אָפּקערן זיך פאַר קיינע גליקן און מאַטערנישן.

דאַן איז דער מיסיאָנער אין כעס געוואָרן, האָט איר אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און גענומען שלעפּן אין קלויסטער אריין, כדי איר מיט גוואַלט אָפּשמדן.

זי האָט אויפגעהייבן א געשריי און אויף דעם געשריי זיינען זיך צענויפגעלאָפן א סך פון אירע פאַרערער. זיי האָבן איר געראַטעוועט, און אים, דעם מיסיאָנער, שיער ניט צעריסן אויף שטיקער.

זייענדיק דאַן ארומגערינגלט מיט אירע פאַרערער, האָט די יונגע פאַלאַשין־שיינהייט געגעבן א שבועה, אַז זי וועט ניט רוען ביז זי וועט ניט ארויסטרייבן די מיסיאָנערן פון לאַנד און אויך באַשטראָפן דעם פאַרעטערישן קעניג, וועלכער האָט געשיקט זיינע ארמייען אום אויסצוהרגענען און פאַרשקלאַפן די פאַלאַשן. די אַלע ארומיקע פאַרערער אירע האָבן אויך געגעבן א שבועה, אַז זיי וועלן טאָן, וואָס זי וועט זיי הייסן, אז זיי וועלן איר אָפּהיטן און באַשיצן און אז זיי וועלן זייערע לעבנס פאַר איר אָפּגעבן און וועלן גיין נאָך איר אומעטום, וואו נאָר זי וועט זיי פירן.

און זי האָט זיך אָנגעהייבן גרייטן צו דער גרויסער מלחמה מיטן נעגוס נעגוסטי, דעם קעניג איבער אלע קעניגן. זי האָט פון אירע פאַרערער געגרינדעט א גוטע און שטאַרקע ארמיי. צו דער ארמיי זיינען צוגעשטאַנען די אַלע קריגספעיקע אידן פון די בערג, אויך זיינען צוגעשטאַנען א סך עטיאָפּיער, אומצופרידענע מיט די פירונגען פונם גרויסן קעניג. איר ארמיי איז געוואקסן פון טאָג צו טאָג און אין פאַרלויף פון א קורצער צייט איז איר ארמיי געוואָרן אַזוי גרויס, די סאָלדאַטן אַזוי צוגעגרייט צום קריג, אַז זי האָט שוין ניט מורא געהאט צו גיין אפן נעגוס נעגוסטי אליין. און יעדן פרימאָרגן פלעגט זי ארויספאָרן אַף איר ווייסן פערד צו באקוקן איר ארמיי. די סאָלדאַטן און די אָפיצערן האָבן איר אַזוי ליב געהאַט, אַז זיי פלעגן איר וועג מיט די בעסטע און שמעקנדיקסטע בלומען אויסבעטן.

אָבער אין דער ליבע צו דער שיינער יהודית זיינען די אָפיצערן אייפערזיכטיק געוואָרן איינע אַף די אַנדערע און פון בלינדן אייפער־זוכט האָבן זיי אָנגעהייבן טויטן איינע די אַנדערע, דאַן האָט זי זיי אַלעמען צענויפגערופן און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

„יעדער איינער, וואָס האָט א געפיל צו מיר, זאָל עס ארויס־ווייזן ניט דורך מאָרדן זיין חבר אפיצער, נאָר אין דעם גרויסן קאַמף, וואָס מיר גייען איצט אָנפירן קעגן די פרעמדע מיסיאָנערן און דער קעניגלעכער פאַמיליע, וועלכע האָט אונז פאַראַטן. ווער עס וועט העלדיש קעמפן קעגן די מיסיאָנערן און דער קעניגלעכער פאמיליע, דער איז מיין געליבטער".

און די אלע אָפיצערן זיינען צוגעפאַלן צו דער ערד, האָבן געקושט אירע טריט אלס א צייכן, אַז זיי וועלן פאָלגן אלץ, וואָס זי וועט זיי הייסן.

איר ארמיי האָט זיך געהאַלטן אי איין פאַרגרעסערן. זי האָט דעם קאַמף אירן קעגן דעם קעניגלעכן הויף פאַרוואַנדלט אין א הייליקער מלחמה: אויסראָטן דעם מערדערישן קריסטנטום פון לאַנד. און פאר צענדליקער און הונדערטער טויזנטער איז זי געוואָרן די הייליקע מיידל פאַלאַשין, וועלכע גייט באַפרייען דאָס לאַנד פון פרעמדע מיסיאָנערן, רויב, מאָרד, אונטערדריקונג און שקלאַפעריי. איר נאָמען איז געוואָרן אַזוי באַוואוסט און באַליבט, אַז צו איר

זיינען אפילו צוגעשטאַנען איניקע אָפּטיילונגען פון דעם קעניגס רעגולאַרער ארמיי.

זי האָט באַשטימט אלס פעלדמארשאַל דעם יונגן העלדישן פאַלאַש גדעון און איז אַוועק מיט איר אַרמיי צו דער הויפּטשטאָט פונם נעגוס נעגוסטי אום אים און זיין גאַנצע פאַמיליע באַשטראָפן.

דאָס גאַנצע לאַנד האָט געקאָכט מיט דער ארויסטרעטונג פון דער שיינער פאַלאַשין יהודית. עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן וועבן לעגענדעס וועגן איר, דער פאַלאַשין, וועגן איר שיינהייט, קלוגשאפט און באַגאַבטקייט. צו איר אויפן וועג זיינען צוגעשטאַנען אַ סך אומצופרידענע הייפּטלינגע מיט זייערע ארמייען און זי האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אַף דער קעניגלעכער פאַמיליע. און די שרעק איז טאַקע געווען ניט קיין אומזיסטע. ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס דער נעגוס-נעגוסטי האָט מאָביליזירט זיין אייגענע וואַך, זיינע סאָלדאַטן, און מאָביליזירט אלע די, וואָס זיינען פעיק געווען צו טראָגן געווער און מיט זיי באַשיצן די קעניגלעכע פּאַלאַצן, אויך ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס צוטרעטן צו דער הויפּטשטאָט אַפן שפּיץ פון אַ משופּעדיקן באַרג איז געווען זייער שווער און דעם קעניגס סאָלדאַטן האָבן יהודיתעס ארמייען באַהאָגלט פון אלע זייטן מיט שטיינער און אַ סך גאָר אַ סך פון אירע טרייע סאָלדאַטן און אָפּיצערן האָבן פון די שטיינער און אין די אָפּגרונטן פון דעם באַרג זייער טויט געפונען, האָט יהודית מיט אירע העלדישע אַרמייען דאָך צוקלאַפּט דעם קעניגס סאָלדאַטן, האָט פאַרכאַפּט די פּאַלאַצן, האָט אויסגעהרגעט די גאַנצע קעניגלעכע פאַמיליע, 300 אין צאָל, און האָט זיך פּראָקלאַמירט אלס די קעניגין איבער אלע קעניגס פון דער גרויסער, רייכער עטיאָפּיע. זי האָט דאַן חתונה געהאט מיט איר העלדישן פעלדמאַרשאַל, דעם יונגן בראַוון גדעון און געטיילט דעם טראָן גלייך מיט אים. דאָס איז געווען אין יאָר 960 נ. ק. יהודית און גדעון האָבן זיך טאַקע גרויזאַם אָפּגערעכנט מיט די פאַרפאָלגער פון די פאַלאַשן. האָבן ארויסגעטריבן פון לאַנד די אלע פרעמדע מיסיאָנערן, האָבן זיך גרויזאַם אָפּגערעכנט מיט די אַלע, וועלכע האָבן גענומען אַן אָנטייל אין די אָנפאַלן אַף אידן און אויך מיט די, וועלכע האָבן אַף אַ וועלכן ס׳איז ניט אופן געוואָלט די פאַלאַשן אָפּשמדן און נאָך גרויזאמער איז זי געווען צו די, וועלכע האָבן

פאַרוואַנדלט אידן אין שקלאַפן. זי האָט די אַלע שקלאַפן באַפרייט און אומגעקערט זיי צוריק צו זייערע היימען, אויפשטעלנדיק צוריק אין די בערג די אידישע דערפער. זי האָט צעשמעטערט אלע קריסט־לעכע קלויסטערס און אנשטאָט זיי געבויט פּאַלאַשישע טעמפּלען. דערקלערט די אידישע רעליגיע אלס די הערשנדע אין לאַנד.

יהודית און גדעון האָבן מיט אן אייזערנער האַנט געהערשט איבער עטיאָפּיע גאַנצע פערציק יאָר. אין די עטיאָפּיער כראָניקעס ווערט זי, יהודית, געשילדערט ניט נאָר אלס באַוואוסטע שיינהייט און פעיקע קריגספירערן נאָר אויך אלס זעלטן קלוגע פרוי, וועלכע איז נאָך דערצו געווען אויך א גרויסע דיכטערן און די כראָניקעס באַטיטלען איר אַלס די „ווייבלעכע שלמה המלך״.

נאָך איר טויט איז דער טראָן אריבער צו איר טאָכטער זמירא, וועלכע האָט זיך אין גאַנצן איינגעגעבן אין איר מוטער. זמירא האָט חתונה געהאַט מיטן אידישן הויפטלינג פון דעם שבט ביגנאַ און אזוי ווי די מוטער, האָט זי אויך געטיילט דעם עטיאָפּישן טראָן מיט איר מאַן.

און פון דאַן איז עס געוואָרן א טראַדיציע, אז דעם עטיאָפּישן טראָן פאַרנעמען צווייען — דער מאַן און די פרוי. און אין די מערסטע פאַלן האָט דער קעניג געהייסן גדעון און די קעניגין יהודית.

נאָך איר טויט האָבן דעם טראָן פאַרנומען די דירעקטע יורשים פון גדעון און יהודית. גאַנצע 13 פּאָר איינע נאָך די אנדערע האָבן געהערשט איבערן לאַנד. ערשט נאָכן טויט פון דעם לעצטן אידישן קעניג האַאַקונטאַ לאַאַב, אין 1269 יאָר, איז די קריסטן־עטיאָפּיער געלונגען צו קרוינען דעם ערשטן קריסטלעכן קעניג פון דער שלמה המלכם דינאַסטיע — יעקואַנאַ אַמלאַק און פאַר די פּאַלאַשן האָט זיך אָנגעהייבן א שרעקלעכע עפּאָכע, וועלכע האָט געדויערט ביז גאָר ניט לאַנג.

אַז איך האָלט שוין באַם דערציילן, וועל איך דערציילן נאָך אַ מעשה, וועלכע די ביידע פעלקער, די פּאַלאַשן און די עטיאָפּיער דערציילן און וועלכע איז אויך אריין אין זייערע כראָניקעס. די מעשה באַציט זיך שוין אָף דער צייט נאָך די אידישע נעגוס־נעגוסטים, ווען די נייע הערשער האָבן זיך גרויזאַם אָפּגערעכנט מיט די פּאַלאַשן פאַר דער אומדערהערטער חוצפה — אז איבער א

קריסטלעך לאַנד זאָלן די הערשער זיין גאָר פאַלאַשן. און אָט איז די מעשה:

די פאַנאַטישע עטיאָפּיער האָבן געמאַכט אן אָנפאַל אף א פאַלאַשישן דאָרף. די פאַלאַשן האָבן זיך מיט שטיינער, שטעקנס, שפּיזן העלדיש פאַרטיידיקט. עס זיינען געפאַלן א סך קרבנות פוןביידע זייטן. די עטיאָפּיער, וועלכע זיינען געווען אין אַ גרעסערער צאָל, האָבן געזיגט. זיי האָבן אויסגעהרגעט אלע אלטע, און די אלע ארבעטס־פעיקע געפאַנגען. די געפאַנגענע האָט מען מיט שטריק געבונדן און אוועקגעפירט אין א ווייטער שטאָט אלס שקלאַפן צו פאַרקויפן. איינע א יונגע פאַלאַשין איז פארקויפט געוואָרן צו אן עטיאָפּיער פאר א גוטן פרייז. ער האָט אראָפּגענומען פון איר די שטריק און אוועקגעפירט איר איבער די בערג צו זיך אהיים אלס זיין שקלאַפן. די גאַנצע וועג האָט ער איר געהאלטן שטארק פארן האַנט, זי זאָל זיך ניט ארויסרייסן און ניט אנטלויפן. ווען דער הער מיט דער שקלאַפן זיינען ארויף אפן שפּיץ פון באַרג, האָט די פאַלאַשין מיט א אויסגעשריי: „א, גאָט פון ישראל, העלף מיר". זיך אראָפּגעוואָרפן פון שפּיץ באַרג אין אַן אָפּגרונד, מיטשלעפּנדיק מיט זיך איר האַר, וועלכער האָט נאָך איר אלץ געהאלטן פארן האַנט.

און דער עטיאָפּישער היסטאָריקער גיט נאָך צו פון זיך: עס איז צו באַוואונדערן דעם מוט פון דער פרוי, וועלכע האָט זיך ווייניקער געקימערט פארן טויט, איידער פאר א לעבן צווישן קריסטן. זי איז ניט געווען די איינציקע, וואָס האָט אזוי געהאנדלט. אבער די פרוי איז געווען די ערשטע, וועמענס האנדלונג איך האָב אליין בייגעלעבט.

3

## דר. יעקב פייטלאָוויטש און די פאַלאַשן

טויזנטער יאָרן האָבן מיר ניט געוואוסט פון די פאַלאַשן און די פאַלאַשן פון אונדז. אמת פון 9טן יאָרהונדערט פלעגן מיר פון צייט צו צייט פון רייזנדע און פאָרשער קריגן ידיעות וועגן שווארצע אידן, וועלכע געפינען זיך ערגעץ אין צענטראל אפריקע, אבער די ידיעות זיינען געווען אזעלכע מאָגערע, ניט פּינקטלעכע, פאַרנאַנדערגע־

שוואומענע, נעבלהאַפטע, אַז די אידן פלעגן שענקען זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט צו זיי. די אינפאָרמאַציעס האָבן געמאַכט גיכער אַן איינדרוק פון מעשות־לעגענדעס, ווי פון עפּעסווירקלעכעס.

ערשט אין די זיבעציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט האָט אונז געבראַכט אַ גרוס פון די שוואַרצע אידן, די פאַלאַשן, דער באַקאַנטער פראַנצויזיש־אידישער שרייבער יוסף הלוי, וועלכער האָט פאַרבראַכט שוין מיט די פאַלאַשן אַ לענגערע צייט, האָט אויפן אָרט געשטודירט זייער לעבן. קומענדיק צוריק אין אייראָפּע, האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ סך אַרטיקלען וועגן זיי. ער, יוסף הלוי, האָט געהאַט אַ תלמיד אַ יונגן באַגאַבטן סטודענט דר. יעקב פייטלאָוויטש, וועלכן ער האָט אויך פאַראינטערעסירט מיט די שוואַרצע אידן אין אַפריקע. און דער דר. פייטלאָוויטש האָט געמאַכט פאַר זיין לעבנס אויפגאַבע זיך באַזעצן אין אַפריקע צווישן די פאַלאַשן און אויספאָרשן זייער לעבן, זייער געשיכטע, זייער גלויבן, דינים, מנהגים, זייער פאָלקלאָר און אויך דאָס, מיט וואָס זיי אונטערשיידן זיך פון אונדז די ווייסע — אייראָפּייער אידן.

אין 1904 איז ער געקומען אין עטיאָפּיע און זיך באַזעצט צווישן די פאַלאַשן. ער האָט באַזוכט כמעט אַלע גרעסערע פאַלאַשישע געמיינדעס, האָט זיך באַקאַנט כמעט מיט די אַלע פאָרשטייער פון די פאַלאַשישע דערפער און סוף 1905 קומט דר. פייטלאָוויטש אין אייראָפּע און פאַרעפנטלעכט איניקע ווערק וועגן די פאַלאַשן.

אין 1908 האָט דר. פייטלאָוויטש געמאַכט זיין צווייטע רייזע קיין עטיאָפּיע. ,

שוין מער ווי 25 יאָר ווי ער ווײַנט צווישן די פאַלאַשן. לויט זיין באַשעפטיקונג איז ער אַ דאָקטאָר — ער פאַרנעמט אַ גרויסן פּאָסטן אין עטיאָפּיע: ער איז דער לייב־דאָקטאָר באַם עטיאָפּישן קייזער. אָבער לויט זיין באַרוף איז ער אַ פאָרשער און זיין גאַנצן לעבן פאָרשט ער דאָס לעבן און געשיכטע פון די פאַלאַשן. פאַר זיין הויפּט אויפגאַבע האָט ער געמאַכט: העלפן מאַטעריעל, קולטורעל און רעכטלעך די שוואַרצע אידן פון אַפריקע.

ניט אַזוי גרינג איז אָנגעקומען דר. פייטלאָוויטשן צו געווינען דעם צוטרוי פון די פאַלאַשן. צום אָנהויב האָבן זיי אים אָנגענומען פאַר אַ מיסיאָנער, וועלכער, כדי צו ווערן אינטימער מיט זיי, האָט ער

זיך אָנגעגעבן פאַר א אידן. אים איז אָנגעקומען זייער שווער צו איבערצייגן זיי, אז ער איז א איד, א איד פון די ווייסע. אבער ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט, אז ער איז ניט געקומען זיי אָפּצושמדן — נאָר פארקערט — שטארקן זיי אין זייער אידישקייט, הויבן זייער קולטורעלע און עקאָנאָמישע ניווא, אז ער איז געקומען צו זיי ווי אַ ברודער צו ברידער — איז זייער פרייד געווען זייער גרויס.

איך קען זיך ניט איינהאלטן און ניט איבערגעבן די רירנדע סצענעס, וועלכע זיינען פאָרגעקומען בא דער באַגעגעניש פון דר. וויטלאָוויטש מיט די פאַלאַשן.

איך וועל דאָס איבערגעבן אזוי ווי דר. פייטעלאָוויטש דערציילט, און ווי דער סעקרעטאר פון דער אמעריקאנער פראָ פאלאשא קאָ־מיטעט, טשארלס ד. אייזיקסאָן, גיט איבער פאר די לייענער פון דער אידיש־אמעריקאנער ציטונג „דער טאָג".

איינע פון דר. פייטלאָוויטשעס גרעסטע איבערלעבונגען בא די אידן אין אביסיניע, איז געווען דער קבלת פנים, וואָס ער האָט גע־קראָגן אין הארואוא, א ישוב אף א זייער הייכן בארג. די פאַלאַשן האָבן אים באַגעגנט אונטערן שטאָט מיט א פייערלעכער פראָצעסיע, זיי האָבן געשפּילט אף פאַרשיידענע אינסטרומענטן, זיי האָבן גע־טאַנצט פון פרייד, געזונגען קאפּיטלעך תהילים און זיינען באַרוישט געווען פון שמחה.

דר. פייטלאָוויטש איז געווען אזוי באַרוישט פון דער האר־ציקער אויפנאַמע אין וויַיטן אַביסיניע, אז עס האָבן זיך אים גע־שטעלט טרערן אין די אויגן. א טייל פון די פאַלאַשן האָבן געגלויבט, אַז ער איז משיח. זיי זיינען אים געפאַלן צו די פיס און געבעטן, ער זאָל דאָס ניט באַהאַלטן, ער זאָל זיי זאָגן, אז ער איז דער אויס־לייזער.

„פון וואנען קומסטו"? האָבן זיי אים געפרעגט. און פון דעם פיבער אין זייערע אויגן האָט מען געזען, אז זיי דערוואַרטן דעם ענטפער: איך בין א שליח פון הימל. אנדערע, ווידער האָבן גע־האַלטן, אז ער איז דער ספּעציעלער פאָרשטייער פון קעניג פון ישראל צו די פארוואָגלטע ברידער, זיי צו באַפרייען פון דער געפאנגענשאפט און זיי צוריק ברייגגען אין זייער אַלטער היים אין ירושלים.

זיי זיינען צוגעשטאַנען צו אים מיט געבעטן, אַז ער זאָל אראָפּ־נעמען פון זיך די געהיימניש און זיי זאָגן דעם גאנצן אמת. „האָב צוטרוי צו אונדז" האָבן זיי געבעטן, „ישראל איז דיין ברודער און מיר זיינען אויך ישראלים. מיר וועלן אלע ווי איין מאַן גיין מיט דיך, מיר וועלן דיר באַגלייטן, וואו דו וועסט באַפעלן. מיר גייען מיט דיר".

זייערע פירער האָבן אים אוועקגענומען אָן א זייט און אים באַ־שוואוירן אין נאָמען פון אלמעכטיקן, אַז ער זאָל זיך באַווייזן אין זיין אמת'ער געשטאַלט און גרויסקייט.

„מיר זיינען גרייט", האָבן זיי געזאָגט, „אויף וואָס וואָרסטו?" און דר. פייטלאָוויטשן איז שווער אָנגעקומען צו איבערצייגן זיי, אַז ער איז ניט קיין „טעאדאראס" (משיח אויף עטיאָפּיש) נאָר אַן אייראָפּעאישער איד, וואָס איז איינפאַך געקומען זיי באַזוכן.

דאַן האָבן זיי אים גענומען רופן „דער וויסער פּאַלאַש", מיינענ־דיק דערמיט א ברודער פון אַן אנדער לאַנד.

א טיפּישע אידישע געמיינדע געפינט זיך אין דרום מערב פון עטיאָפּיע ניט ווייט פון אַדיס אַבאַבאַ. איר נאָמען איז אמבא גואליט. דאָרטן וואוינען 23 אידישע פאמיליעס. זייער באַשעפטיקונג איז פאַרטיילט אַף אַזאַ אופן : 16 פאַמיליען — פאַטערס זיינען לאַנד־ארבעטער און וועבער, 5 זיינען טעפּער, איינער א שמיד און בלויז איינער א לאַנד אייגנטימער.

דר. פייטלאָוויטש דערציילט, אַז דאָרט האָט ער געקראָגן די וואַרימסטע אויפנאַמע. פילע פּאַלאַשן פון גאַנצן געגנט האָבן גע־וואָרפן די ארבעט דעם טאָג פון זיין אָנקומען און זיך אָנגעטאָן אין זייערע פיינסטע קליידער אים מקבל פנים צו זיין. איידער ער איז נאָך אָנגעקומען אין דאָרף, האָבן אַפן וועג אים אָפּגעוואַרט מענער, פרויען און קינדער און אים אנטקעגן געטראָגן דעם האַרציקסטן שלום עליכם. אפילו די קריסטן פון דעם געגנט האָבן זיך באַטיי־ליקט אין דער אויפנאַמע.

אינטערעסאַנט איז, אַז ווען דר. פייטלאָוויטש איז אָנגעקומען אין גוראבא — איז ער פון דער היץ קראַנק געוואָרן און זיך געמוזט אריינלייגן אין בעט. די פּאַלאַשן האָבן אין דער פרי, ביים דאַווענען אין שול, אָפּגעריכט א ספּעציעלן געבעט פאר זיין געזונט און די

פאַלאַשן־ווייבער האָבן זיך געשטעלט פארן טויער פון דער שול, בעטנדיק פאר פייטלאָוויטשעס געזונט אַף זייער הארציקן שטייגער.
און דאָס איז געווען די תחינה פון די פאַלאַשינס אין עטיאָפּיע:
„אונזער האר! האָב ניט קיין עגמת נפש! גאָט וועט דיר צוריקפירן אין דיין לאַנד, וואו ישראל איז דיין ברודער. גאָט וועט דיר לאָזן ווידער אָנקוקן דיין מוטער, ווייל זי איז גוט, און ער וועט איר ניט פאַרשאַפן קיין שמערצן; גאָט וועט דיר צוריקגעבן דיין פאָטער, ווייל ער איז געבענשט, און גאָט וועט דיר ניט צונעמען צו זיך. מוט! די פאַלאַשן זיינען מיט דיר, מיר אלע בעטן פאר דיר!"
אזוי ארום האָט דר. פייטלאָוויטש שטודירנדיק דעם לעבן פון די פאַלאַשן באזוכט כמעט אלע פאלאַשישע געמיינדעס.
רירנד איז די בילד ווי די פאַלאַשן פון דער שטעטל וואלעקא זעגענען זיך מיט אים, ווען ער פארלאָזט דאָס לאַנד. אלע פאַלאַשן האָבן פאַרלאָזן זייערע געצעלטן און זיך פאַרזאַמלט אין דער שול. אויבן אָן זיצן דער כהן און דער חכם. „רב יעקב" איז מיט זיי. (אזוי האָבן זיי גערופן דר. פייטלאָוויטשן) זיי גיבן אים מיט א גרוס צו די אידן אין דער וועלט. אָט וואָס זיי זאָגן צו די אידן דורך רב יעקבן:
„איר, אונדזערע ברידער, בעט גאָט פאר אונדז. זאָל זיך גאָט אַף אונדז דערבאַרימען און אונדז אויסלייזן פון אונדזער פיין. צוליב די צרות און רדפות דורך א סך יאָרן האָבן מיר פאַרלאָרן אונדזערע ספרים, פאַרגעסן אונדזער שפראַך, לשון קודש, און אונדזערע קינדער, בלייבן אָן תורה. אונדזערע חדרים זיינען שוין לאַנג צעשטערט געוואָרן און מיר האָבן ניט קיין מענטשן זיי ווידער אויפצוריכטן. ווען רב יעקב איז געקומען צו אונדז און געבראַכט פון אייך א גרוס, אז איר ווילט אונדז העלפן מיט לערער און ספרים, איז עס בא אונדז געווען די גרעסטע פרייד. מיר בעטן אייך: טוט עס וואָס שנעלער, ווייל אונדזער צאָל ווערט קלענער און קלענער צוליב די עפּידעמיעס.
„איר האָט אונדז, אייערע ברידער, אויפגעזוכט אין אונדזער גלות און איר האָט געשיקט מעדיצינישע הילף פאר אונדזערע קערפּערס. דאָס איז געווען גענוג ניט נאָר פאר אונדז, מיר האָבן אויך געשענקט רפואות צו אנדערע, ניט קיין אידן.
„זינט רב יעקב איז צו אונדז געקומען, האָבן אונדזערע הערצער אויפגעלויכטן מיט האָפענונג. רב יעקב איז מיט אונדז געשטאַנען א


דר. פייטלאָוויטש מיט צוויי פאַלאַשן

גאנצן ווינטער און האָט געלערנט אונדזערע קינדער לשון קודש. ער האָט ניט נאָר געלערנט די קליינע קינדער, נאָר אויך די דער־וואקסענע. מיר לייענען שוין איצט פריי דעם חומש.

„מיר בעטן אייך פון היינט אָן ניט צו דערווייטערן זיך פון אונדז, כדי די זוימען און דער נאָמען פון ישראל זאָל ניט אונטערגיין אין דעם לאַנד פון אונדזער פאַרטרייבונג".

דר. פייטלאָוויטש האָט מיטגענומען צוויי יונגע פאַלאַשן, כדי זיי זאָלן קענען שטודירן אין גרויסע אידישע ישיבות אין ארץ ישראל.

ווי נאָר ביידע פאַלאַשן־זין האָבן ארייגעשטעלט א פוס אין ירושלים, זיינען זיי אריינגעפאלן אין דער העכסטער באגייסטערונג. דער באַוואוסטזיין, אז זיי געפינען זיך אין דער שטאָט פון דוד המלך און זיין זון שלמה האָט זיי בארוישט ווי מיט א שאַרפן געטראנק. איינער פון זיי האָט געקענט העברעאיש, האָט ער נאָך ווי עס איז אויסגעדריקט זיין פרייד, דער אנדערער האָט געקענט בלויז אבי־ סיניש, האָט ער געשוויגן, אבער זיינע אויגן האָבן געשפרונגען פון עקסטאַז.

ביידע זיינען דאָ געבליבן לערנען און זיך געגרייט צו ווערן צוקונפטיקע לערער פון זייערע ברידער אין דער צוריקגעשטאַנענער עטיאָפיע.

דאָס איז געווען א מאָדנע דעלעגאַציע פון 2 אפריקאנער און איין אייראָפעאישן אידן פון גלות אין ארץ ישראל.

די פעדים האָבן זיך ווידער צענויפגעבונדן.

## 4

# די עטיאָפישע אידן

די אידן וואוינען אין עטיאָפיע פון די גאָר אלטע צייטן.

א סך פון די אידן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון אשור און בבלער געפאַנגענשאַפט, זיינען אַנטלאָפן אַהער קיין אַביסיניע. אויך האָבן געמוזט קומען אַהער א סך קריגס־געפאַנגענע פון טיטוסעס און וועספאַסיאַנס צייטן, אנדערע ווידער זיינען געקומען פרייוויליק פון אַראַבישן האַלב־אינזל און פון סודאַן, וועלכער געפינט זיך אין שכנות מיט עטיאָפיע.

די אידן האָבן זיך באַזעצט אין די בערג און אין די טאָלן פון עטיאָפּיע. די אַביסיניער רופן טאַקע די אידן — פאַלאַשן. דאָס הייסט אַף עטיאָפּיש — פרעמדע, אָנגעקומענע, איינגעוואַנדערטע.

די אידן אַליין רופן זיך „בית ישראל", נאָר דעם טייטש פון די ווערטער ווייסן זיי ניט. אַמאָל, גאָר אַמאָל האָבן זיי וואַרשיינלעך געקענט העברעאיש, אָבער אין פאַרלויף פון די טויזנטער יאָרן, וואָס זיי וואוינען אין עטיאָפּיע, האָבן זיי די העברעאישע שפּראַך אַף אַזוי פיל פאַרגעסן, אַז זיי ווייסן אפילו ניט דעם טייטש פון די ווער־טער „בית ישראל", כאָטש זיי רופן זיך אַליין מיט דעם נאָמען. זיי האָבן אפילו ניט געוואוסט, אַז ס'האָט אַמאָל עקזיסטירט אַזאַ שפּראַך, וועלכע האָט געהייסן העברעאיש. זיי, די פאַלאַשן, האָבן ביז דאָ גאָרניט לאַנג ניט געוואוסט אפילו, צי עס זיינען נאָך דאָ אידן, אויסער זיי, אַף דער וועלט. און פאַר טויזנטער יאָרן האָבן זיי געמיינט, אַ בלויז זיי זיינען די רעשטלעך, וועלכע זיינען איבער־געבליבן פון דעם אַמאָליקן שטאַרקן און מעכטיקן אידישן פאָלק. ווען זיי האָבן זיך צום ערשטן מאָל, מיט אַ יאָר 40־50 צוריק, גע־טראָפן מיט די ווייסע „בלאַסע" אידן און יענע האָבן זיי דערקלערט, אַז זיי זיינען אויך אידן, האָבן זיי ניט געקענט גלויבן. זיי האָבן געהאַט אַ חשד, אַז יענע, די ווייסע, זיינען ניט קיין אידן, נאָר מיסיאָנערן, וועלכע ווילן זיי באַקערן צום קריסטלעכן גלויבן. אינ־טערעסאַנט איז, אַז די כינעזער אידן און די אינדישע אידן, וועלכע האָבן אויך אין פאַרלויף פון טויזנטער יאָרן ניט געוואוסט וועגן דער עקזיסטענץ פון אַנדערע אידן, האָבן געמיינט, אַז זיי זיינען עס די איינציקע אידן אַף דער וועלט.

אַפן ערשטן בליק איז זייער שווער אונטערשיידן די שוואַרצע אידן — די פאַלאַשן — פון דער אַרומיקער נעגערשער באַפעלקע־רונג. דער זעלביקער שוואַרצער קאָליר פון דער הויט, די זעלביקע נעגער־שטריכן, די זעלביקע געקרייזלטע האָר און די זעלביקע אויגן־ווייסלעך און ציין, ווי באַ די איבעריקע נעגערס פון דער געגנט. די זעלביקע געזונטע און פעסט געבויטע קערפּערס. אָנגעטאָן זיי־נען זיי ווי די איבעריקע באַפעלקערונג, אין ווייסע הויזן און מיט אַ טאָגע (אַ פלאַכטע אַזאַ) איבערגעוואָרפן איבער די פלייצעס, פאַרבונדן פאָרנט באַם האַלז; גייען, ווי אַלע איבעריקע, אָן אַ

צודעק אַף די פיס און אַפן קאָפּ, ווייסן ניט פון האַנדל. זיי זיינען פּשוט שווערע ארבעטער, בעל־מלאכות, ערד־אַרבעטער. נו, זיי קלוג און דערקען אין זיי אונדזערע ברידער — אידן!

נאָר די אַביסיניער אַליין דערקענען זיי גלייך אַפן ערשטן קוק. זייער קאָליר פון הויט איז אַביסעלע העלער, דער אַלגעמיינער אויסזען אַביסל איידעלער. זיי האָבן אידישע לעבעדיקע שוואַרצע אויגן, זיי זיינען אינטעליגענטער, רירעוודיקער, לעבעדיקער, אָנגעטאָן ריינער, שענער און באַנעמען זיך מיטן אַרומיקן עולם איידעלער, אַריסטאָקראַטישער. מעגלעך, אַז די שטריכן נעמען זיך בא זיי בירושה פון זייערע אור־אור־עלטערן פון די גאָר אַלטע צייטן און מעגלעך, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל אין בילדונג, קולטור, און מאָראַל שטייען זיי העכער פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג — פון די ניט־אידן.

די געשיכטע פון די אידישע שבטים אין עטיאָפּיע איז נאָך ווייניק אויסגעפאָרשט, און עס איז אַ גרויסע פראַגע, צי מען וועט איר קענען אַמאָל גרינטלעך אויספאָרשן. זיי, די פאַלאַשן, האָבן ניט פאַרצייכנט די וויכטיקסטע היסטאָרישע געשעענישן פון זייער לעבן. אַנדערע, די פרעמדע, האָבן אויסער זיגען איבער די אידישע שבטים זיכער גאָרניט פאַרצייכנט. געשיכטלעך קען מען פעסטשטעלן, אַז נאָכן ערשטן חורבן זיינען געקומען אַ סך אידן אין עטיאָפּיע און זיך צעשפּרייט איבערן לאַנד אין די פאַרשיידנסטע פּראָווינצן. אַז נאָכן צווייטן חורבן זיינען ווידער אַ סך אידן אָנגעקומען אין עטיאָפּיע, נאָר די אידן האָבן שוין געלעבט מער קאָנצענטרירט. זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין גרופּן, דערנאָך אין משפחות און דערנאָך אין אַלגעמיינע אידישע געמיינדעס. די אידן האָבן זיך באַזעצט מערסטנס אַף איין פּלאַץ, אַף אַ שפּיץ פון אַ הויכן באַרג. אַזוי אַרום האָבן זיי געגרינדעט אין איינעקע פּראָווינצן אייגענע אידישע פּאָליטיש־אויטאָנאָמישע איינהייטן. זיי האָבן באַקערט די נאָענטע נעגערס צו זייער אידישן גלויבן און געמאַכט פון זיי זייערע בעסטע פריינט און באַשיצער.

באַשיצט דורך די הויכע בערג און די אַרומיקע אידיש־גלויבנדיקע אַביסיניער, האָבן זיי מיט דער צייט געגרינדעט אַן אייגענע אידישע מלוכה, וועלכע האָט עקזיסטירט הונדערטער און הונדער־

טער יאָרן. די שוואַרצע אידן האָבן אָנגעהאַלטן זייער פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט לענגער ווי אַלע אידן פון דער וועלט, אַזש ביזן יאָר 1800. דאָס הייסט, ביז מיט 135 יאָר צוריק. פון דעמאָלט אָן, ד. ה., פון 1800טן יאָר אָן, זיינען זיי מער פאַרשפּרייט איבערן לאַנד. אין איינציקע פּראָווינצן האַלטן זיי אָן זייער אידישע רעליגיע עפנט־לעך, אָבער אין אַנדערע פּראָווינצן, ווי טשאַאַ, גאַללאַ, אפילו אין דער ברענענדיקער עקוואַטאָריאַלער געגנט פון אפריקע זיינען זיי באַהאַלטענע אידן. אין דער עפנטלעכקייט זיינען זיי קריסטן, אָבער באַ זיך אין דער היים זיינען זיי אידן, ווי די אַמאָליקע מאַראַנען אין שפּאַניע.

דאָס אַביסינישע פאָלק באַציט זיך גוט צו די אידן. די אַבי־סיניער רעספּעקטירן די אידן, האַלטן זיי אפילו פאַר אַ העכערן טיפּ מענטש. אָבער די צרה איז דאָ מיט די גלחים, די פריידיקער פון קריסטלעכער ליבע צום נאָענטן און באַרמהערציקייט צו אַלע־מען. אָט די ליבע־פריידיקער פריידיקן דאָ אין דער אמתן האַס, פאַראַכטונג צו אידן, פריידיקן פּאָגראָמען אָף אידן, רייצן אויף דאָס פאָלק אָף די אידן, און טאַקע פאַר די גאַנצע זעכצן הונדערט יאָר, וואָס די קריסטלעכע רעליגיע אין אַביסיניע איז אַ הערשנדיקע, איז די פאַרשפּרייטונג און פאַרטיפונג פון דער קריסטלעכער רעליגע גע־גאַנגען האַנט אין האַנט מיט פּאָגראָמען אָף אידן.

טייכן בלוט האָבן זיך דעמאָלט געגאָסן. צענדליקער טויזנטער באַוואָפנטע אַביסינער אונטער דער אָנפירערשאַפט פון די גלחים און פאַראינטערעסירטע הויפטלינגע האָבן פאַרניכטעט די אומבאַ־שיצטע אידישע דערפער, האָבען דערהרגעט די מענערעשע באַפעל־קערונג, געכאַפּט די פרויען פאַר קעפס־ווייבער און אַ סך שוואַרצע אידן געשמידט אין קייטן, כדי אָף די מאַרקן פאַר שקלאַפן צו פאַר־קויפן. זיי האָבן גאַנצע געגנטן פאַרוויסטעט און די אידישע באַ־פעלקערונג אויסגעהרגעט. גאָר אַ סך האָבן זיך געשמדט.

די אידן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון שמד, שקלאַפעריי און טויט, זיינען אַוועק ווייט אין די דזשאַנגעלס און דאָרטן, אויסער געפאַר פון די קריסטלעך־אידישע מלחמות, האָבן זיי זיך אַרונטער־געלאָזן צו אַן אמת־ווילדן לעבן, צו אַן אמת־ווילדן צושטאַנד, האָבן

אלץ מיט אַן אַנדער פאַרגעסן, געדענקען בלויז דאָס, אַז זיי שטאַמען פון די אידן פון צפון אַפריקע. און היינט-צו-טאָג שטויסן זיך אַן רייזנדע אַף אַ וואונדערבאַרער דערפאַרונג: זיי האָבן געפונען שוואַרצע אידן, וועלכע געפינען זיך נאָך אין אַ ווילדן צושטאַנד.

און אַ סך, גאָר אַ סך אַביסינישע מאָראַנען — געהיימע אידן — וואַרטן אַף בעסערע צייטן, ווען די רדיפות אַף אידן וועלן אויפהערן. אין עטיאָפּיע ליידן ניט די פאַלאַשן פון פּאָגראָמען אין דעם זין ווי מיר פאַרשטייען פּאָגראָמען אין אייראָפּע. ניין. די אידן זיינען געזעסן אין געדיכטע מאַסן איינע נעבן די אַנדערע. עס זיינען געווען גאַנצע טעריטאָריעס באַזעצט מיט אידן. די אידן זיינען געווען באַוואָפנט. האָבן געהאַט זייערע קאָמאַנדירן. די אידן זיינען געווען גוט באַפעסטיקט. צו די אידישע פעסטונגען אין דער הויך, אַף די הויכע בערג, האָט מען כמעט ניט געקענט צוטרעטן. די אידן האָבן אַלע מאָל אַרויסגעוויזן אַ העלדישן ווידערשטאַנד. עס זיינען געווען אמתע שלאַכטן, אמתע מלחמות. קרבנות זיינען געפאַלן פון ביידע זייטן. דאָך האָבן זיך די אידן געפונען ווי אַף אַן אינדזל, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט אַ באַפעלקערונג, וועלכע איז אפשר הונדערט מאָל מער ווי זייערע, און די אַביסיניער פלעגן זיגן מיט זייערע גרויסע צאָלן, און דאָך פלעגן זיי פאַרניכטן בלויז די ווינציקער באַוואָפנטע געגנטן, די ווינציקער באַשיצטע דערפער, אָבער די אידישע זעלבסטשטענדיקייט האָבן זיי, ניט קוקנדיק אַף די העכסטע אָנשטרענגונגען פון די גלחים, די אַרומיקע הויפּטלינגע פון די פּראָווינצן מיט זייערע צאָלרייכע סאָלדאַטן, פאַר קיין פאַל ניט געקענט ברעכן, אַזש ביזן יאָר 1800. עס זיינען געווען צייטן ווען די אידן האָבן באַזיגט די עטיאָפּישע סאָלדאַטן און פאַרטריבן דעם שונא מיט די גרעסטע פאַרלוסטן פאַר אים.

עס איז פון דער אַביסינישער געשיכטע באַוואוסט, אַז אַף דעם העכסטן באַרג אין עטיאָפּיע, אין די סעמיען בערג, האָט גאַנצע יאָרהונדערטער געלעבט אַ שטאַרקער אידישער שבט. דאָרטן, אין געגענט פון דעם באַרג, האָבן די אידן געגרינדעט אַ אידישע מלוכה, און די אַביסיניער האָבן פאַר קיין פאַל די אידישע מלוכה ניט געקענט איינגעמען און מאַכן די אידישע באַפעלקערונג פאַר אונטערטעניקע. אפן אידישן טראָן זיינען געזעסן אַ קעניג און אַ קעניגין.

זייער רעזידענץ איז געוועזן אַפן שפּיץ פון באַרג, וועלכער הייסט נאָך ביז היינט „דער אידישער פעלז".

העלדיש האָבן די פאַלאַשן געקעמפט פאַר זייער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט, און ווען זיי האָבן אין יאָר 1800 זייער פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט פאַרלאָרן, האָבן זיי מיט מסירת נפש ביז היינטיקן טאָג אָנגעהאַלטן זייער רעליגיעזע זעלבסטשטענדיקייט. אָבער די לאַגע איז לעצטנס געוואָרן אַביסל אַנדערש. די פאַלאַשן האָבן זיך מער צעשפּרייט איבערן לאַנד. זיי האָבן פריער נישט געוואוסט, אַז עס זיינען דאָ נאָך אידן אַף דער וועלט. זיי האָבן געמיינט אַז זיי זיינען דאָס די איינציקע אידן. די מיסיאָנערן האָבן זיי געהאַלטן אין איין איינריידן, אַז דאָס קריסטנטום איז עס די אידישקייט פון דער היינטיקער צייט, אַז אַלע אידן אַף דער וועלט זיינען געוואָרן קריסטן און אַז זיי, די פאַלאַשן, זיינען אומזיסט איינגעשפּאַרט, ניט וועלענדיק אָננעמען דעם אמתן אידישן גלויבן — דאָס קריסטנטום. זיי, די פאַלאַשן, האָבן דערזען, אַז אין זייער קאַמף מיט די קריסטן האַלטן זיי אין איין פאַרלירן... האָבן זיי זיך אַ וואַקל געטאָן... פאַרלאָרן דעם פריערדיקן שטאַרקן, באַגייסטערטן ווילן אָנצוהאַלטן זייער אידישקייט. אויך האָבן זיי פון פריער אַ סך פאַרגעסן פון דער אידישער רעליגיע, פון די אידישע דינים און מנהגים, אָפּגעשוואַכט געוואָרן. מיט דעם האָבן זיך באַנוצט די פאַרשיידענע מיסיאָנערן און גלחים, וועלכע האָבן פאַרשטאַרקט זייער מיסיאָנערישע אַרבעט, און טויזנטער, צענדליקער טויזנטער, האָבן אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן און עס האָט שוין געהאַלטן באַ דעם, אַז די פאַלאַשן אַלס אַ אידישער שבט זאָל אינגאַנצן אָפּגעווישט ווערן פון דער אַביסינישער ערד. מען גיט איבער, אַז מער פון דריי פערטל פון די שוואַרצע אידן האָבן זיך געשמדט.

נאָר זינט די פאַלאַשן האָבן זיך לעצטנס דערוואוסט, אַז זיי זיינען ניט די איינציקע אידן אַף דער וועלט, אַז זיי שטעלן מיט זיך ניט פאַר די לעצטע רעשטלעך פונם אידישן פאָלק, אַז אַף דער וועלט זיינען דאָ אידן אין די מיליאָנען, און זיי אַליין זיינען געקומען אין באַרירונג מיט איניקע פון יענע ווייסע בלייכע אידן, האָט זיך די שמד-מגפה אָפּגעשטעלט. אַ נייער גלויבן אין זיך אַלס אידן

און א נייער גלויבן אין זייער צוקונפט אלס אידן האט זיי באהערשט, און זיי זיינען אריבער צו א ניי לעבן, א לעבן מיט נייע שטרע-בונגען, האפנונגען, און זיי זיינען שטאלצער געווארן.. און זיי האבן זיך דערוואוסט וועגן א סך נייע זאכן. זיי האבן זיך דער-וואוסט, אז זייער אור-אלטע שפראך איז געווען העברעאיש, אין וועלכער שפראך די אידן פון דער וועלט דאווענען. זיי האבן זיך דערוואוסט וועגן ציוניזם, וועגן דער גרויסער עמיגראציע פון אידן פון פארשיידענע לענדער קיין פאלעסטינע אום דאס לאנד ווידער-אויפבויען פאר דעם אידישן פאלק. און זיי האבן זיך מיט א נייעם ברען א לאז געטאן צו דערלערנען דאס, וואס זיי האבן פארפעלט, אניאגן דאס, וואס זיי האבן פארנאכלעסיקט. נייע שולן פאר קינדער זיינען געעפנט געווארן. די קינדער לערנען העברעאיש, די אידישע רעליגיע און אויך וועלטלעכע געגנשטאנדן, וועלכע מען לערנט אין די אייראפייאישע קינדער-שולן. ווען די קינדער וועלן אויסוואקסן, וועלן זיי ווערן פאלקס-לערער, אום דאס פאלק אלס אידן צו דערציען. א פופצן יונגע לייט האט מען אוועקגעשיקט אין אייראפע שטודירן אי די העברעע רעליגיעזע וויסנשאפט אי די העברעע אל-געמיינע בילדונג, און ווען יענע וועלן קומען אהיים, וועלן זיי ווערן די פירער, וועג-ווייזער און ווירקן אף דעם פאלק אזוי, אז די פאלאשן זאלן ווערן א ווירדיקער טייל פון אלגעמיינעם אידישן פאלק.

איך קען זיך ניט צוריקהאלטן און ניט דערציילן א פאקט, וועלכן אן אמעריקאנער קריסט, גארדאן מעקריג, גיט איבער: מיט א וואך פריער, איידער ער האט פארלאזן אביסיניע אום צו פארן צוריק קיין אמעריקע, זיינען פון טיף אביסיניע געקומען 25 אינגלעך צום דאקטאר פייטלאוויטש און אים געבעטן, ער זאל זיי אריינעמען אין דער רעליגיעזער און וועלטלעכער שול, וועלכע געפינט זיך אונטער זיין, דר. פייטלאוויטשעס, אויפזיכט. זיי זיינען געגאנגען דרייסיק טעג צופוס איבער די בערג, טאלן און וועלדער פון עטיא-פיע, זייענדיק אונטערגעווארפן די פארשיידנסטע געפארן. ווען מען האט זיי באוואונדערט, האבן זיי געענטפערט, אז דאס איז גארנישט. שפאצירן דרייסיק טעג איז געזונט אי פארן קערפער און אי פארן גייסט. איין זאך, פון וואס זיי האבן געליטן, איז פון הונ-גער. די מערסטע טעג האבן זיי ניט געהאט וואס צו עסן.



א אידישע שול אין עטיאָפּיע מיט די בײדע לערער
די שריפט אויפן טאָפל איז אין דער גיז שפּראַך

קורץ: זײ האָבן דורכגעמאַכט אַ וועג פון דרײסיק טעג, געליטן די פאַרשײדנסטע געפאַרן און שרעקן, מיט אײן אײנציקן צוועק אָנצוקומען אין דער העברעאישער שול אין אַדיס אַבאַבאַ און ווערן געבילדעטע מענטשן. זײ האָבן געמאַכט אַף דעם אַמעריקאַנעם קריסט דעם וואונדערבאַרסטן אײנדרוק, און ער שרײבט וועגן זײ מיט דער גרעסטער באַגײסטערונג. און דר. פײטלאָוויטש האָט זײ גלײך אַרײנגענומען אין זײן שול, וואו זײ געפינען זיך אַף אַלעם פאַרטיקן און לערנען זיך מיט דעם גרעסטן פלײס.

און אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעהויבן איצט אַ נײ לעבן בא די שוואַרצע אידן, אַ לעבן פול מיט אינטערעס, אַ לעבן מיט באַגײסטערונג, אַ לעבן פול מיט האָפענונג, אַ לעבן דורך וועלכן זײ שטעלן זיך נאָך העכער אי מאָראַליש, אי עקאָנאָמיש.

די פאַלאַשן האָבן אַלע מאָל העלדיש געקעמפט פאַר זײער אויפהאַלט אַלס אידן און ניט נאָכגעגעבן קײן ברעקל פון זײער רעליגיע. זײ האָבן אַלעמאָל געלעבט שטאַרק אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג, וועלכע איז פריער באַשטאַנען פון געצנ־

דינער און קריסטן און דערנאָך פון קריסטן, מאַכמעדאַנער און געצנ־
דינער. די אידישע רעליגיע איז בא זיי כמעט אין גאנצן פאַרבליבן
אזא, ווי זיי האָבן איר אהערגעבראַכט פון ארץ־ישראל, מצרים,
אַראַבישן האַלב־אינדזל, תימן און סודאַן. זיי האָבן קיין באַגריף
ניט פון משנה און תלמוד און זיי ווייסן ניט פון אונדזער גאַנצער
רעליגיעזער ליטעראַטור פון דעם חורבן בית־המקדש אָן. זיי האָבן
אָפּגעהיט די אידישע רעליגיע, די דינים און מנהגים פון די גאָר
אַמאָליקע צייטן — פון די ביבלישע צייטן, אויך האָבן זיי געפירט
דעם אַמאָליקן אידישן אָרט לעבן.

בלויז איין געדאַנק פון דער שפּעטערדיקער צייט מאַכט זיי
נעענטער צו די איצטיקע פרומע אידן פון דער וועלט — דאָס איז
דער משיח־געדאַנק, דעם גלויבן אין אַ משיח, וועלכער וועט אויס־
לייזן זיי פון גלות, און זיי אַוועקפירן אין דעם לאַנד פון זייערע
אור־אור־עלטערן — אין ארץ־ישראל. און דער משיח־געדאַנק איז
בא זיי אַנטשטאַנען בא די זעלביקע אומשטענדן ווי בא אונדז, בא
די ווייסע אידן פון דער וועלט, דאַן, ווען זיי האָבן דורכגעמאַכט
דעם ערגסטן קריזיס, דאַן, ווען אַלץ אָרום און אַרום האָט זיי גע־
יאָגט, געפּלאָגט, גערודפט און עס האָט זיך געדוכט, אַז פונם אידישן
פאָלק וועט גאָרניט פאַרבלייבן. און דער משיח־געדאַנק, צוזאַמען מיט
אַ טיפן גלויבן, האָט זיי געגעבן קראַפט איבערצוטראָגן די שווידער־
לעכע צייטן און גראָד אַרוים פון זיי פאַרשטאַרקטע אין גלויבן, אין
זייער רעכט אָף עקזיסטענץ, אין דעם גלויבן, אַז זיי זיינען די טרע־
גער פון דער אמתער רעליגיע, אַז דער אמת איז נאָר בא זיי, בא די
אידן, די פאַרפאָלגטע און ניט בא די פאַרפאָלגער.

5

## זייער לשון־קודש איז אַן אַלטע עטיאָפּישע שפּראַך

די הייליקע ספרים פון די שוואַרצע אידן זיינען אין דער אַל־
טער, טויטער שפּראַך פון עטיאָפּיע — אין דער גיז שפּראַך, וועלכע
איז אויך די הייליקע שפּראַך פון די אַביסינער. בלויז די געלערנטע
אידן פאַרשטייען די שפּראַך. די מוטער־שפּראַך פון די עטיאָפּיער
איז עטיאָפּיש, וועלכע האָט ניט צו טאָן ניט מיט דער פאַרהייליקטער

שפּראַך גיז און ניט מיט דער אָפיציעלער שפּראַך פון לאַנד אַמאַ־האַריק — וואָס איז אינגאַנצן אַ באַזונדער שפּראַך מיט פאַרשיידענע דיאַלעקטן, וועלכע ווערן גערעדט אין פאַרשיידענע פּראָווינצן. עס זיינען אויך דאָ פּראָווינצן, וואו עס ווערן גערעדט אינגאַנצן אַנדערע עטיאָפּישע שפּראַכן און די אידן ריידן דאָרט אויך די באַזונדערע עטיאָפּישע דיאַלעקטן. אָבער די פאַרהייליקטע שפּראַך איז בּאַ די אידן פון גאַנץ עטיאָפּיע די גיז־שפּראַך, אַף וועלכער עס זיינען אָנ־געשריבן די הייליקע ספרים, אין וועלכע דער רב לייענט די פּרשות פון דער תורה און אין וועלכער אַלע ברכות ווערן געמאַכט, כאָטש די פאַלאַשן, אויסער די געבלידעטע, פאַרשטייען ניט קיין וואָרט פון דער קלאַסישער עטיאָפּישער שפּראַך — גיז.

זיי ווייסן ניט פון תפילין, ציצות, מזוזות און היטן ניט אָפּ די דינים פון פליישיקס און מילכיקס. די אידן, ווי כמעט די גאַנצע אַביסינישע באַפעלקערונג, וואוינען אין דערפער, און די פאַלאַשן, וואָס וואוינען אין די שטעט און שטעטלעך, וואוינען אין באַזונדערע געטאָס, ניט ווייל מ׳צווינגט זיי דערצו, נאָר ווייל זיי ווילן זיך ניט מישן מיט דער ניט פאַלאַשישער באַפעלקערונג, וועלכע זיינען אין רעליגיעזן זין פאַר זיי ניט ריין. צוליב דער זעלביקער אורזאַך צאַמען זיי אַרום זייערע דערפער, אַז קיינער פון פרעמדע זאָל ניט קענען אַהין אַריינדרינגען, אויסער די אידישע איינוואוינער. פון פרעמדע קען אַריינקומען אַהין בלויז דער, וועלכער האָט אַ דער־לויבעניש אַף דעם. די אידישע דערפער זיינען כמעט אַלעמאָל אַף הויכע בערג, באַוואַקסן מיט אַ געדיכטן וואַלד, וואו עס פליסט אַ טייכל אָדער אַ שטראָם, כדי צו קענען אָפּט טובלען זיך. אינם צאַם אַרום דאָרף איז דאָ אַ טויער, דורך וועלכן מען קען אַריינגיין אָדער אַריינפאָרן, און דער דורכגאַנג ווערט געהיט דורך באַוואָפנטע וועכטער, וועלכע היטן, אַז קיין פרעמדער, ניט פון אידישן גלויבן, זאָל אין דאָרף נישט אַריינפאָרן. אויב אַ פרעמדער קומט יאָ אַריין מיט דער דערלויבעניש פון די אידן פון דאָרף, מוז ער זיך רייניקן, זיך גוט אויסוואַשן און אָנטאָן נייע קליידער — דאַן ערשט קען ער ריידן אָדער פאַרהאַנדלען מיט אידן.

אין יעדן דאָרף איז דאָ אַ שולכל, וועלכע הייסט בּאַ זיי „מעסגיד” אָדער „בית עקזיאבהער”. די שול זעט אויס ווי אַלע הייז־

לעך, נאָר זי איז אביסל גרעסער, שענער געבויט און פאַרמאָגט אַ הויף, וועלכער איז געדיכט באַוואַקסן. די שול אליין האָט צוויי הויפּט-אָפּטיילונגען: דעם מקדש און קדשי-קדשים. אינם קדשי-קדשים טאָר, אויסער דעם הויפּט-כהן, קיינער ניט אריין. אינם קדשי-קדשים שטייט געוויינלעך אַ טיש באַדעקט מיט אַ טוך גע־שטריקט פון גילדענע פעדים. אַפן טיש ליגט אַ ספר-תורה און דעם כהנס זאַכן, אויך צוויי כלים פאַר אַש און פאַר וואַסער. אין דעם מקדש דאַוונען די אידן און אַפן הויף קומען פאַר דאַרפס באַראַטונגען. מען ברענגט דאָרט קרבנות און דער רבי לייענט דאָרט פאַרן פאָלק — די דאָרפסלייט. דער שול-הויף איז ארומגערינגלט מיט אַ הויכן פּאַרקן. אין שול באַלאַנגען די בכבודיקע ערטער צום כהן, שול־באַדינער און די געלערנטע. די פרויען האָבן אַ באַזונדער אַריינגאַנג. באַם דאַוונען לייענט פאַר דער כהן אין דער הייליקער גיז-שפּראַך באַשטימטע תפילות און ברכות, און דער עולם זאָגט נאָך שטייענ־דיק אָדער זיצנדיק אַף דער ערד.

די כהנים טאַנצן אָפטמאָל באַם דאַוונען. ספּעציעל יום-טובדיק זיינען די טענץ אין יום-כפּור. אין די גאָר גרויסע דערפער האָט די שול אַן אויסזען ווי דער אַמאָליקער בית-המקדש אין ירושלים. די צערעמאָניע פון ברענגען קרבנות איז כמעט די זעלביקע ווי באַ אידן אַמאָל אין די ביבלישע צייטן. די פרויען טאָרן ניט שטיין נאָענט פון מזבח, נאָר מוזן צוזען די פּראָצעדור פון דער ווייטנס. נאָכן ברענגען קרבנות קומען אַלע אידן אַריין אין שול דאַוונען.

6

## זיי זינגען, קלינגען און שפּילן באַם דאַוונען

מיט דער אויסנאַם פון יום-כפּור און שבת ווערט דאָס דאַוונען אין די שולן אַלעמאָל באַגלייט מיט מוזיק פון גלעקלעך, צימבאַלעס, באַראַבאַנען, ציטרעס און אַנדערע אינסטרומענטן, וואָס מוזן זיך אַלעמאָל געפינען אין שול און רעכענען זיך פאַר הייליקע אינסטרו־מענטן, וועלכע מען טאָר געוויינלעך ניט אָנרירן און וועלכע מען נוצט בלויז באַם דאַוונען.

שבת איז באַ זיי אַ טאָג פון אמתער רו. אַלע מוזן רוען: דער מאַן, די פרוי, די דינסטן, די קינדער און אפילו די בהמות. שבת טרייסלט פון זיך יעדערער אָפּ זיינע וואָכעדיקע זאָרגן. שבת הויבט זיך אָן פרייטיק אָוונט און ציט זיך גאַנצע פיר־און־צוואַנציק שעה. דאָס עסן, ווי באַ אונדזערע פרומע אידן, ווערט נאָך אָנגעגרייט פון פרייטיק אָן. נאָכן נעמען פרייטיק אָוונט אַ באָד אין טייך, טוען זיי זיך אָן אין די בעסטע און ריינסטע קליידער און גייען אין שול צו פייערן דעם הייליקן שבת, און אין שול פאַרבלייבן זיי שוין דעם גאַנצן מעת־לעת. אין שול דאַוונט מען דעם גאַנצן טאָג. דער רב לייענט פאַר און דער עולם זאָגט נאָך די הייליקע אומפאַר־שטענדלעכע ווערטער. די תפלות פון די פאַלאַשן באַשטייען פון הימנען און קאַפּיטלעך תהילים, וואָס זיי קענען אויף אויסנווייניק. און צווישן די גרויסע תפלות עסט מען פון דאָס שענסטע און בעסטע. אַלעמען ברענגט מען אין שול עסן. דאָס עסן ווערט צוזאַמענ־געמישט און אַלע עסן צוזאַמען.

די שבתדיקע מאכלים ווערן צוגעגרייט רייכער, בעסער ווי די אינדערוואָכנדיקע. פאַר שבת ווערט געבאַקן אַ ספּעציעלער ברויט (ווי באַ אונדז חלות). די פלייש איז געקאָכט אָדער געבראָטן. מאָדנע איז וואָס זיי „מאַכן כשר" די פלייש ווי אַלע פרומע אידן, אָבער די פלייש איז געפּרעגלט — אָפּ פּוטער. צום פלייש גיט מען מערסטנס צעשטויסענע בעבלעך. מען פאַרטרינקט מיט ביר און וויין. אַליין טאָר מען גאָרנישט נעמען. דער רב טיילט דאָס אויס יעדן איינעם גלייכע פּאָרציעס פון עסן און טרינקען. פאַרן עסן און נאָכן עסן מוזן זיך אַלע וואַשן און מאַכן דערביי די געהעריקע ברכות.

אין אַלעגמיין זיינען אין שול באַם דאַוונען און באַם עסן אַלע די זעלביקע יחסנים. ס'איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן רייך, אָרעם, געלערנטע און פּראָסטע. אַלע אידן פון דאָרף פאַרברענגען דעם הייליקן יום־טוב שבת אין שול אמת־ברידערלעך, פרידלעך און אָנגענעם.

די ימים־טובים זיינען באַ זיי כמעט די זעלביקע ווי באַ אונדז און ווערן געפּייערט ענלעך ווי באַ אונדז. ניט מער זיי ווייסן ניט פון חנוכה און פּורים. די ימים־טובים פאַלן אויך ניט אויס אין די זעלביקע טעג ווי באַ אונדז. זייער קאַלענדאַר קעגן אונדזערן אונ־

טערשיידט זיך אין עטלעכע טעג.

פסח איז באַ זיי זיבן טעג. דאַן עסן זיי ניט קיין געזייערטן ברויט און טרינקען ניט קיין ביר. די הייזער ווערן פאַר יום-טוב גערייניקט. אויך ווערט אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אין די הייזער געוואַשן און געשייערט. דריי טעג פאַר פסח הערן זיי שוין אויף צו עסן ברויט און עסן בלויז געטריקנטע אַרבעס און בעבלעך. ערב-פסח פאַסטן זיי ביז מען ברענגט דעם קרבן-פסח. צום קרבן-פסח מוז יעדערער שוין זיין אין שול און אין נאָמען פון די אַלע אידן ווערט דער קרבן געבראַכט. די צערעמאָניע פון דעם קרבן-פסח ווערט דורכגעפירט מיט פּאָמפּ, אַקוראַט ווי אין די ביבלישע צייטן באַם מזבח פון בית-המקדש.

און נאָכן קרבן-פסח, ווען די כהנים האָבן אויפגעגעסן דעם קרבן-פסח מיטן ניט געזייערטן ברויט, הויבט זיך אָפיציעל אָן דער יום-טוב פסח. אַף מאָרגן אינדערפרי קומען אַלע אין שול דאַווענען און דער רב לייענט פאַר זיי די טיילן פון דער תורה, וואו עס ווערט דערציילט וועגן דער באַפרייאונג פון די אידן פון קנעכטשאַפט אין מצרים.

אויסער אונדזערע יום-טובים האָבן זיי אויך האַלבע יום-טובים. יעדן ראש-חודש האָבן זיי א האלב יום-טוב לכבוד דער נייער לבנה. זיי האָבן אַ צווייטן שבועות פופציק טעג נאָך סוכות. דאַן טרעפן זיי זיך אַף אַ באַרג אונטערן אָפענעם הימל, דאַווענען און האָבן אַן אַלגעמיינעם מאָלצייט. יעדער צענטער טאָג אין חודש איז באַ זיי אַ האַלבער יום-טוב לכבוד יום-כפור. יעדן פופצנטן טאָג אין חודש האָבן זיי אויך אַ האַלבן יום-טוב לכבוד פסח און שבועות.

די פאַלאַשן היטן אָפּ דעם פאַסטן אַלס אַ טרויער-אָנדענק פון חורבן בית-המקדש. זיי פאַסטן דעם 17טן טאָג אין אב אָנשטאָט דעם ניינטן, און אָנשטאָט דעם 17טן תמוז פאַסטן זיי דעם 9טן. די פרומע אידן פאַסטן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. יום-כפור פאַסטן אפילו קינדער פון אַכט יאָר אָן גאַנצע פיר-און-צוואַנציק שעה.

די פאַלאַשן זיינען מל זייערע אינגלעך אַפן אַכטן טאָג, אויב עס פאַלט נישט אויס שבת. שבת טאָר מען נישט מל זיין די אינגלעך, ווייל מען טאָר ניט אַרבעטן. דאַן זיינען זיי מל צום 9טן טאָג. מוהלים מעגן זיין אויך פרויען, אויב זיי קענען די מלאכה.

יעדן ערשט-געבאָרענעם זון לייזט מען אויס און מען ברענגט פאַר אים אַ קרבן. אויב די עלטערן ווילן אים ניט אויסלייזן, גיבן זיי אים אָפּ צו די נזירים, דאָס הייסט, צו די יעניקע, וועלכע ווידמען זייער לעבן צו רעליגיע. אַזאַ קינד, ווען עס וואַקסט אויס, ווערט אויך אַ נזיר — אַן אָפּגעשיידטער פון דעם אַלגעמיינעם עולם — ער מוז אַוועקגעבן זיין לעבן צו דינען גאָט.

אין אַלגעמיין טיילן זיך די שוואַרצע אידן אָף נזירים, כהנים אָדער געלערנטע, און דאָס פאָלק. דאָס זיינען ניט קיין סעקטעס, ניט קיין שבטים און דאָס האָט ניט צו טאָן מיט העכערע און נידעריקערע קלאַסן. אַלע אידן זיינען גלייך. אַלע האָבן די זעלביקע פריי-ווילעגיעס. ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן אָרעם און רייך. די נזירים זיינען די הייליקע, וועלכע גיבן זיך אָפּ בלויז מיט גאָטעס-דינסט, פאַרברענגען אין תפלה טאָן. זיי מוזן האַלטן ריין זייערע קערפּערס און לייטערן דעם גוף און נשמה. זיי לעבן אָפּגעזונדערט פון פאָלק און קומען מיט אים אין באַרירונג אין אַ שבת אָדער אַ יום-טוב. זיי עסן ניט קיין פלייש און קאַסטרירן זיך. זיי גיט דאָס פאָלק אָפּ כבוד מער פון אַלע אַנדערע.

זיי לעבן אין זייערע באַזונדערע דערפער אָדער קאָמונעס און פירן זיך אויף קאָמוניסטיש. יעדער נזיר מוז זיך מיט עפּעס נוצלעך מאַכן אין דער קאָמונע, אַזוי, אַז אָן אַ זייטיקער הילף באַזאָרגן זיי זיך מיט אַלץ, וואָס זיי דאַרפן נאָר. זיי פאַסטן אָפט, פּייניקן זיך. פאַר אייניקע נזירים איז דאָס אַלץ צו ווייניק. זיי פאַרלאָזן די קאָמונע, דערוויטערן זיך אין מדבר, דערנערן זיך מיט פרוכט און גרינס. פאַראַן אויך אַזעלכע פאַר וועלכע דאָס איז נאָך אויך צו ווייניק. אום צו דערווערבן זיך אייביקע רום, וואַרפן זיי זיך אַראָפּ פון אַ הויכן פעלז. קיינער, אויסער א נזיר, טאָר זייערע קאָמונעס ניט באַזוכן. זייער הויפּט-לערער הייסט אבא שמעון.

די כהנים זיינען די, וואָס פירן אָן מיטן דאַוונען, ברענגען קרבנות און פראַווען חתונות, לויות, בריתן. די כהנים עסן פון זייער אייגענער אַרבעט. אָבער זיי קריגן פון יעדער געשאָכטענער בהמה און פון יעדן קרבן אַ באַשטימטן טייל. אויסער דעם באַקומען די כהנים אַ צענטל (מעשר) פון דער תבואה און דעם ערשטלינג פון די בהמות.

אויסער דעם זיינען פאַראַן די געלערנטע, דעבטעראַס, וועל-כע פאַרשטייען אביסל דאָס הייליקע לשון, די גיז-שפּראַך, און אַט די לערנען מיטן פאָלק תורה און זיי לערנען מיט דער יוגנט אידישע רעליגיע. אין אלגעמיין ווערן זייערע ארבעטן פאַר רעליגיעזע צוועקן ניט באַצאָלט. יעדער רב, כהן, מלמד קריגט ניט קיין געהאַלט, אויסער מתנות פאַר זייערע רעליגיעזער דיסט. אַלע מוזן אַרבעטן: אפילו די רבנים, די כהנים, די נזירים, און די געלערנטע לעבן בלויז פון אייגענער אַרבעט.

יעדע פּראָווינץ ווערט פאַרוואַלטעט פון אַ כהן גדול און זיי אַלע זיינען אונטערגעוואָרפן דעם העכסטן כהן גדול פון האַארַאַ.

## 7

## די הייליקסטע שול

דער הייליקסטער און טייערסטער אָרט באַ די פאַלאַשן איז דער ישוב האַארַאַ, וואָס איז פאַרוואָרפן אַף די העכסטע בערג אין עטי-אָפּיע. דאָרט געפינט זיך אַ שול, וואָס איז געבויט געוואָרן אין פופצנטן יאָרהונדערט, דאָרט זעט מען נאָך איצט איבערבלייבענישן פון אַמאָליקע אידישע שולן און אַנדערע עדות פון אידישער פאַר-גאַנגענהייט אין אַביסיניע. די פאַלאַשן וואוינען איצט צופוסנס פון באַרג און זיי פאַרמאָגן קליינע לאַנד-שטרעקעס אַפן באַרג, וואָס זיינען זיי געשענקט געוואָרן פון דער רעגירונג, אַלס אייגנטום פון דער אַלטער שול.

די שול, וואָס איז די שענסטע אין גאַנץ עטיאָפּיע, איז מאַסיוו געבויט און איז באַדעקט מיט אַ סך מעטאַל, מערהויפּט צין. אַרום דער שול געפינען זיך די הייזער פון די כהנים. די שול איז, נאָך דער מיינונג פון די פאַלאַשן, אַ ריכטיקע קאָפּיע פון בית-המקדש.

לויט דער געשיכטע פון די פאַלאַשן, איז די שול געבויט גע-וואָרן פון אַבאַ זאַבראַ, איינער פון די גרעסטע געלערנטע באַ די פאַלאַשן און דער פאַרפאַסער פון אַ שריפט אונטערן נאָמען, „אין אָנהויב האָט גאָט באַשלאָסן". די שריפט הויבט זיך אָן מיט אַ קיצור פון חומש און דערנאָך קומען פאַרשיידענע תחינות, וואָס

ווערן נאָך איצט געזאָגט פון די פֿאַלאַשן. לויט דער געשיכטע איז אַבאַ זאַבראַ אָנגעקומען אויפֿן בארג צוזאַמען מיט זיין תלמיד אַבאַ זאַבאַ, דעם זון פון עטיאָפּישן קייסער זאַראַ יעקב, וועלכער האָט אָנגענומען דעם אידישן גלויבן.

8

## זייער אַרט לעבן

די עטיאָפּישע אידן, די פֿאַלאַשן, הייסט עס, זיינען כמעט אַלע ערד-אַרבעטער. זיי צייכענען זיך אויך אוים אין עטיאָפּיע אַלס די בעסטע טעפּ-מאַכער, קאָשיקעס-פלעכטער, זיינען די פיינסטע שמידן, שוסטער, וועבער, טישלער. אין דער אַרבעט נעמען אַנטייל די פרויען ווי די מענער. די פרוי גייט אַרבעטן מיטן מאַן אין פעלד, פלעכט מיט אים די קערבלעך, וועבט מיט אים די וואָל אָדער באַוול. זי איז אַף אַלע געביטן אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דער פֿאַמיליע. אין שטעט וואוינען די עטיאָפּישע אידן זייער ווייניק, אפילו אין אָדים אַבאַבאַ, די הויפּט-שטאָט פון עטיאָפּיע, געפינען זיך זייער ווייניק אידן. פון האַנדל ווייסן זיי ניט. זיי זיינען אַלע שווערע אַרבעטער. אפילו די העכסט געאַכטעטע אידן, די נזירים, וואָס דאָס פֿאָלק פֿאַרהייליקט, עסן פרינציפּיעל נאָר דאָס, וואָס זיי אַליין קריגן פון דער רייכער נאַטור אָדער אַרבעטן אוים מיט זייערע אייגענע הענט. יעדער אידישער דאָרף האָט זיין הויפּטלינג, דעם אויסדערוויילטן פונם דאָרף, וועלכער דאַרף דאָס זיין פֿאַראַנטוואָרט-לעך צו דער רעגירונג פֿאַר די צינזען און פֿאַר די סאָלדאַטן, וואָס עס קומט דער רעגירונג פון דער געמיינדע.

אין דאָרף ווערן ניט געפירט קיין פֿאַרהאַנדלונגען, ווערן ניט געמאַכט קיין אָפּמאַכן מיט פרעמדע. פֿאַר דעם איז דאָ אַ פּלאַץ אַף די וועגן, אָדער אַף די מאַרקן. יעדנפֿאַלס הינטערן צאַם פון דאָרף.

נאָך דעם ווי אַ פֿאַלאַש האָט פֿאַרהאַנדלט מיט אַ פרעמדן (דאָס הייסט מיט אַן עטיאָפּיער, וועלכער איז ניט קיין איד) טאָר ער ניט קומען אין באַרירונג מיט אַנדערע אידן ביז זון-אונטערגאַנג, און ווען די זון פֿאַרגייט, מוז ער זיך טובלען אין וואַסער באַם דאָרף.



א פאלאשישער דארף

נאך ערגער איז ווען א פאלאש האט געמוזט זיין בא א ניט-אידן אין שטוב. ער טאר ניט אריין נאך דעם א גאנצן טאג אין זיין הויז. ער מוז זיך וואשן, רייניקן, אנטאן אנדערע זאכן און נאך זון-אונטערגאנג מעג ער ערשט אריין אין זיין הויז.

זייערע הייזער ווערן געבויט פון האלץ און שטיין און זיינען געוויינלעך קיילעכדיק. דער דאך, וואס באשטייט פון שטרוי אדער טרוקענע צווייגן, איז אויך א קיילעכדיקער, מיט א שפיץ אין דער הויך. קיין פענצטער זיינען ניטא. די טיר דינט אין דער זעלביקער צייט פאר א פענצטער. קיין קוימען איז אויך ניטא — ניט קוקנדיק אף דעם וואס זיי האלטן אן אן אייביקן פייער אין אויוון. באטאג קאכן זיי אפן פייער און באנאכט באלייכטן זיי און באווארעמען דערמיט די כאטע. דער רויך גייט ארויס דורך די שפארונעס און שפאלטן אין די ווענט און דאך. יעדע הייזל האט א געפלאסטערטן הויפל. אפטמאל באזיצט א פאמיליע פאלאשן צוויי-דריי אזעלכע הייזלעך, לויט דער צאל מיטגלידער אין דער פאמיליע.

אין די הייזלעך קען מען געפינען אַ פּאָר אייננאַרטיקע שטולן — דאָס זיינען קלעצער פון בוימער באַדעקט מיט פעל. דאָ זיינען אויך פאַראַן אויפגעהויבענע פּלעצער, וואָס דינען פאַר בעטן. דאָס זיינען אַזעלכע פּלאַטפאָרמעס וואו עס זיינען אָנגעוואָרפן פעלכלעך אַף וועלכע מען ליגט. אָנשטאָט קישנס, דינען ווידער הילצערנע קלעצלעך באַדעקט מיט פעל. דאָ שטייען אַ פּאָר קערבלעך, אין וועלכע מען האַלט די קליידונג און אַנדערע שטוב-זאַכן. די אויבער־שטע דעקן פון די קערבלעך דינען אויך אַלס טישן צום עסן.

אין יעדער שטוב זעט מען טעפּ, פענדלעך, סקאָוואָראָדעס, אַ שטויסל, אַ פּאָר מיל-שטיינער אַף צו מאָלן און צערייבן פאַרשיי־דענע קערנער, פון וואָס זיי מאַכן אַלערליי עסנוואַרג. אויך קריגלעך מיט וואַסער, ביר און וויין. אַף די ווענט הענגען שווערדן, שפּיזן, ביקסן און שילדן. באַ די רייכערע און געלערנטע אידן זיינען די ווענט באַפּוצט מיט הייליקע פּאַרמעטן. באַ זיי טרעפט מען שוין אויך כלים פון קופּער, מעש און בראָנדז.

דער ערשטער זון, דער בכור, אויב ער ווערט ניט אויסגע־קויפט דורך אַ קרבן, מוז ער צו אַכט יאָר אַוועק צו די נזירים און צוגלייך מיט די נזירים זיך אָפּגעבן אינגאַנצן מיט דינען דעם אי־דישן גאָט. די ערשטע געבוירענע טאָכטער רעכנט זיך אויך העכער פון די אַלע אַנדערע קינדער. איידער דאָס קינד דאַרף געבוירן ווערן ווערט די מוטער אָפּגעזונדערט, מען האַלט זי אין אַ באַזונדער חדר באַם הייזל. דאָרט בלייבט זי אַליין ביז דעם פערציקסטן טאָג נאָכן געבורט, ווען זי האָט אַ זון, און ביזן אַכציקסטן (80) טאָג, אויב זי האָט געבוירן אַ מיידל. נאָכדעם באָדט אויס די מוטער אין טייכל איר ניי-געבוירן קינד, טובלט זיך אַליין אויך אויס, טוט אָן אַף זיך אַ ניי קלייד, ברענגט אַ קרבן און קומט אריין מיטן קינד אין הויז.

אין אַלגעמיין ברענגען זיי אויך אַזעלכע קרבנות, וועלכע זיי־נען אונדז אומאַבוואוסט: קרבנות פאַר אַ רעגן, קרבנות געזונט צו ווערן, אַ קרבן באַ אַ באַנייאונג פון אַ הויז און אַ קרבן ווען אימיצער שטאַרבט.

ווען אימיצער שטאַרבט, ווערט ער געוואַשן, איינגעוויקלט אין בוימוואויל-תכריכים און אַוועקגעטראָגן אַפן בית-עולם. דעם טויטן לעגן זיי אַוועק אין היילן, אין פעלדזן, אָדער צווישן זייער גרויסע

שטיינער, כדי דער טויטער זאָל ניט קענען קומען אין באַרירונג מיט די לעבעדיקע. אָף זיין קבר פלאַנצט מען אַ בוים. דער טרויער געדויערט זיבן טעג, אין פאַרלויף פון וועלכע די נאָענטסטע קרובים ברענגען צוויי קרבנות — איינעם אָפן דריטן טאָג און איינעם אָפן זיבעטן טאָג.

9

## זיי האַלטן ניט פון פילע ווייבערייַ און האָבן יונג חתונה

כאָטש זיי ווייסן נישט פון רבנו גרשונס פאַרבאָט אָף פיל-ווייבעריי, האָבן זיי ניט מער ווי איין פרוי. די פאַלאַשן זיינען זייער צערטלעך צו זייערע פרויען און קינדער. די אַלגעמיינע באַפעלקערונג מעג האָבן אַ סך פרויען און קעפס-ווייבער, מיט וועלכע זיי, די ניט-אידישע עטיאָפיער, באַגייען זיך שוין גאָרניט צערטלעך. דאָס פאַ-מיליען-לעבן בא די עטיאָפישע אידן איז העכסט מאָראַליש און ריין. עס איז אויך ניטאָ בא זיי קיין געמישטע הייראַטן און קיין פאַר-זעסענע בחורים און מיידלעך.

זיי האָבן יונג חתונה, מערסטנס צו אַכצן יאָר.

די תנאים קומען פאָר זייער ראָמאַנטיש. ביידע צדדים טרעפן זיך אָפן וועג ערגעץ אונטער אַ בוים. דער כלהס פאָטער שיקט שלוחים צום חתנס פאָטער מיט דער פראַגע: „נאָך וואָס ביסטו אהער געקומען?" דעם חתנס צד ענטפערט: „מיר האָבן אַ יונגנ-מאַן און זוכן אַ פרוי פאַר אים". און עס הויבן זיך אָן די פאַרהאַנד-לונגען. גלייך באַשליסט מען וועגן נדן, וועגן טאָג פון דער חתונה. די חתונה איז ניט קיין רעליגיעזע. פון קיין כתובה און אַנדערע רעליגיעזע צערעמאָניעס ווייסן זיי ניט. מען דערקלערט בלויז פאַר עדות, אַז די צוויי האָבן חתונה און די גאַנצע צערעמאָניע איז פאַרענדיקט. גטן קומען פאָר זייער זעלטן, אין אויסנאַמס-פאַלן, און דער גט טראָגט אויך אַ פערזענלעכן, ציווילן, ניט קיין רעליגיעזן כאַראַקטער. פאַר צוויי עדות ווערט דערקלערט, אַז דאָס פאָר פאַלק איז געשיידט און פאַרטיק. אַן ערשט-געבוירענער זון מוז חתונה האָבן מיט אַן ערשט-געבוירענער טאָכטער. די אידישע פרויען זיי-נען ניט אָפגעזונדערט פון די מענער, ווי די אַנדערע שוואַרצע

פרויען און טראָגן ניט קיין צודעק אַף זייערע פּנימער, ווי די מאָס־לעמישע פרויען אין אַפריקע. זיי גייען אין גאַס פראַנק און פריי.

די פאַלאַשן פאַרמאָגן אויך אַ ליטעראַטור, וועלכע איז דורך און דורך אַ רעליגיעזע: חומשים און תנ"ך, אַ בוך מיט דערקלע־רונגען און באַמערקונגען וועגן וועלכן זיי גלויבן, אַז גאָט האָט דאָס צוגעגעבן משהן צו דער תורה; אַ בוך מיט געזעצן וועגן שבת, אַ לערן־בוך אין דער גיזישער שפּראַך, אַ בוך מיט סודות פון דער וועלט, די געשיכטעס פון אדם, אברהם, יצחק, יעקב און משה, און די געשיכטעס פון די אידישע מלחמות פון יאָזעפוס, אויסצוגן פון נביאים און תהילים.

דאָס זיינען אָבער ניט קיין ביכער אין געוויינלעכן זין. דאָס זיינען אַלץ פאַרשריבענע פאַרמעטס און די געלערנטע לאָזן זיך קאָסטן אַ סך געלט אום צו באַזאָרגן זיך מיט אַזעלכע הייליקע פאַרמעטס און מיט די פאַרמעטס באַהענגען זיי זייערע ווענט, וואָס עס רעכנט זיך פאַר די שענסטע, רייכסטע און הייליקסטע באַ־צירונג פון די הייזער.

די שוואַרצע אידן, ווי אַלע נישט זייער אַנטוויקלטע שבטים און פעלקער, גלויבן דערצו אין אַלע נאַרישייטן — אין שדים, רוחות, שלעכטע און גוטע גייסטער, זיי זיינען העכסט אַבערגלויביש.

אין לאַנד איז קיין אַנטיסעמיטיזם ניטאָ, אויסער דעם אַנטי־סעמיטיזם פון די קריסטלעכע גלחים. די ניט־אידישע שכנים רעס־פּעקטירן און לויבן די אידן. דאָס איז דערפאַר, וואָס די פאַלאַשן זיינען שווערע אַרבעטער, טייערע באַלמעלאָכעס, גוטע ערד־אַר־בעטער, קינסטלער אין זייערע פאַכן. ניטאָ קיין הענדלער און עקספּלואַטאַטאָרס צווישן זיי. דאָס פאָלק באַציט זיך צו אידן ווי צו מענטשן פון אַ העכערער שטופע און די רעגירונג שאַצט זיי הויך צוליב די נוצן, וואָס דאָס לאַנד האָט פון זיי. אין אַלגעמיין זיינען די באַציאונגען פון די ניט־אידישע שכנים צו די אידן גוטע. און ווער ווייסט? אפשר זיינען די קריסטלעכע פאָלקסמאַסן נאָך ניט אַזוי ווייט קריסטלעך דערצויגן, אַז זיי זאָלן האַסן די אידן און מאַכן אַף זיי פּאָגראָמען.

אַרום און אַרום מוז זיין די צאָל פון די שוואַרצע אידן אין אַביסיניע אַרום 70 טויזנט. די אַביסינישע היסטאָריקער גיבן איבער,

אז ווען די אביסיניער האָבן זיך באַקערט צום קריסטנטום איז אַ העלפט פון דער באַפעלקערונג באַשטאַנען פון אידן און די אַנדערע העלפט איז געווען געצנדינעריש. די אַמאַהאַרן, וואָס זיינען אַ פינפטל פון דער צען־מיליאַניקער באַפעלקערונג אין עטיאָפּיע און וועלכע זיינען די הערשער פון לאַנד, ריידן אַ סעמיטישע שפּראַך און גלויבן, אַז זיי שטאַמען פון אידן. אַ סך עטיאָפּיער פאָרשער האַלטן, אַז איבערן גאַנצן לאַנד געפינען זיך ניט ווייניקער ווי דריי הונדערט טויזנט פאַלאַשן.

## 10

## די פאַלאַשן טרעטן אַריין אין אונדזער אידישער משפּחה

פאַרשטייט זיך, אַז קולטורעל געפינען זיך די פאַלאַשן אויף אַ זייער נידעריקן צושטאַנד, און עס וואָלט געווען צופיל געפאָדערט, אַז בײַ דער סביבה, וואָס רינגלט זיי אַרום, זאָלן זיי זיך געפינען אויף אַ סך אַ העכערער קולטורעלער מדרגה. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז נאָך היינט צו טאָג זיינען דאָ אין עטיאָפּיע ווילדע שבטים. אין די הייסע טרוקענע וויסטעניישן פון דאַנאַקיל און סאָמאַלילאַנד לעבן גאַנצע שבטים, וואָס האָבן ניט קיין שפּור פון מאָדערנער ציוויליזאַציע. זיי גייען כמעט נאַקעט, זיינען געצנדינער און לעבן אויף רויב און מאָרד. און אָט די שטעלן מיט זיך פאָר אַ גאַנץ דריטל פון דער עטיאָפּישער באַפעלקערונג. די אַנדערע צוויי דריטל — די מאַכמעדאַנער און קריסטן — געפינען זיך אויך קולטורעל אויף אַ ניט קיין הויכער מדרגה, אפילו נידעריקער ווי די אַראַבער אין ארץ־ישראל אָדער מצרים, כאָטש זיי זיינען דאָס די ציוויליזירטע. די עטיאָפּיער, אפילו די ציוויליזירטע פון זיי און די רייכערע, גע־ניסן זייער ווייניק פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע, ווייסן ניט פון קיין אַרכיטעקטור, פון וועגן, פון גאַז, עלעקטריק, טעלעפאָן, צייטונגען, שולן, ביכער. איין איינציקער אויפטו פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע איז די פראַנצויזיש־עטיאָפּישע אייזנבאַן, וועלכע בינדט זיי צונויף מיט דער ציוויליזירטער וועלט און וועלכע שפּילט אַ גרויסע ראָל אין זייער געזעלשאַפטלעכן לעבן — איז דער אויפטו פון די פראַנצויזן און ניט פון די עטיאָפּיער.



אַ פּאָטער און אַ זון פאַלאַשן ביי דר. פייטלאָוויטשן

ערשט לעצטנס האָט מען אָנגעהויבן גרינדן שולן פאַר קינדער, איז נאָך דערווייל די צאָל פון שולן אַזאַ קליינע, אַז דאָס שפּילט אַ קליינע ראָל אין עטיאָפּישן קולטורעלן לעבן.

בײַ אַזאַ סביבה איז געווען אוממעגלעך די שוואַרצע אידן קול־טורעל הויך שטייגן, ניט קוקנדיק אָף דעם, וואָס די פאַלאַשן שטייען קולטורעל העכער פון דער אַרומיקער עטיאָפּישער באַ־פעלקערונג. אַ גרויסן שטופּ פאָרויס האָט זיי געגעבן די באַ־

געגעניש מיט דר. פייטלאָוויטש. אין אַלגעמיין איז די באַגעגעניש מיט דר. פייטלאָוויטש געווען פאַר זיי אַ גרויס פרייד און דער־וואַכונג. די פרייד איז געווען פון דעם, וואָס זיי האָבן זיך דערוואוסט צום ערשטן מאָל פאַר טויזנטער יאָרן, אַז עס זיינען פאַראַן נאָך אידן אויסער זיי, אידען אין דער גאַנצער וועלט און זיי ציילן זיך אין מיליאָנען, אַז אידן פאָרן אין מאַסן פון די גלות-לענדער קיין ארץ-ישראל, וואו זיי האָפן צו פירן אַ זעלבסטשטענדיק לעבן, אַז די אידן איבער דער וועלט האָבן ניט נאָר ניט פאַרגעסן זייער אי־דישקייט, נאָר אידישקייט איז געוואָרן אַ גאַנצע וויסנשאַפט, וועלכע יענע אידן, די ווייסע, פאַרטיפן און פאַרברייטערן. הייסט עס, אַז זיי זיינען ניט די לעצטע רעשטלעך פון אידישן פאָלק, אַז פון זיי פאַלט אַראָפּ די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק, אַז די ווייסע אידן וועלן זיי אויך קענען מאַטעריעל און קולטורעל אַרוים־העלפן.

און אין זייער ערשטן בריוו צו די אידן פון אייראָפּע און אַמע־ריקע שרייבן זיי צווישן אַנדערעס: „ווען מיר וועלן באַקומען פון אייך ביכער, שולן און לערער, אַז אונדזערע קינדער זאָלן קענען לערנען, וועלן מיר זיין העכסט צופרידן. מיר בעטן אייך, אַז גאָט זאָל אונדז צוזאַמענפירן איינער מיט די אַנדערע". די ווענדונג זייערע צו די אידן פון דער וועלט איז אונטערגעשריבן פון די וויכ־טיקסטע פאַלאַשן אין די פּראָווינצן בעלעאַ, סעמיען, ארמאַטשעהאַ, טאַקסואַ, דעמבעאַ, באַ דער געלעגנהייט ווען זיי זיינען זיך צוזאַמענ־געקומען אין יום-טוב סוכות. און אָט זיינען עטלעכע פון די אונ־טערגעשריבענע נעמען: "אבא אלעזר, כהן גדול פון בעעסאַ, אבא יעקב, כהן גדול פון דערא וואוהאַ און וואַגעראַ, אבא ראבל (ראובן), כהן גדול פון מעעאַטהאַ און סעמיען, דערנאָך קומען די אונטער־שריפטן פון די געלערנטע אידן און דערנאָך פון די פאָלקסמאַסן.

זיי, די דאָרפישע פאַלאַשן, וועלכע נויטיקן זיך אַזוי שטאַרק אין אַ שטיקעלע לאַנד, נויטיקן זיך אין זאַלץ, בוימוואויל, אין קוילן, נעצן, שפּיזן, ביקסן, בעטן גאָר ביכער, שולן, לערער...

און וואָס פאַר אַ נוצן האָבן זיי פון דעם ערשטן ווייסן אידן, וואָס האָט זיך באַזעצט צווישן זיי? מיט דער פאַרמיטלונג פון דר. פייטלאָוויטש ווערן געגרינדעט אין די שטעט דעמבעאַ און אַדיס

אבאבא שולן, וואו זיי גיבן אַריין זייערע פּייאַיקסטע זין, כדי קריגנ־דיק דאָרטן די געהעריקע בילדונג, זאָלן זייערע קינדער ווערן מיט דער צייט זייערע פאָלקס־לערער און דערציער. זיי האָבן מיט דער דערציערישער זייט אזוי איינגעזאָרגט, אַז כמעט יעדע געמיינדע האָט פאַר אַ וואָך צייט אין יאָר אַ שול. אַ לערער קומט צופאָרן אין דאָרף אַף אַ וואָך צייט און די גאַנצע פאַלאַשישע באַפעלקערונג פון גרויס ביז קליין קומט אין שול לערנען זיך. די לערע באַשטייט אין דעם, וואָס דער לערער גיט די דאָרפסלייט אַן עלעמענטאַרע באַקאַנטשאַפט מיט העברעאיש, אידישע פירונגען, אויך אינפאָר־מאַציע וועגן די אידן פון דער וועלט.

אינטערעסאַנט איז, אַז דער קייזער העיל סעלאַסיע האָט ניט נאָר פאַר דער אדים אבאבער פאַלאַשישע שול געגעבן זיין נדבה פון פינף טויזנט דאָלער, נאָר ער אינטערעסירט זיך אויך מיט די פּעדאַגאָגישע דערפאָלגן פון דער שול, האָט אפילו באַזוכט די שול.

ווען דר. פייטלאָוויטש איז אין 1909 צוריקגעקומען פון זיין צווייטער עקספּעדיציע אין עטיאָפּיע, האָט ער געבראַכט מיט זיך פיר פאַלאַשן. איינער פון זיי איז געווען טאאמראט עמאַנועל, וועל־כער איז פאַרבליבן אין אייראָפּע זעכצן יאָר און איז דערנאָך גע־וואָרן דער הויפּט פון אַ שול פאַר די פאַלאַשן. נאָך צוויי האָבן געקראָגן אַ גוטע בילדונג אין אייראָפּע און זיינען געוואָרן לערער אין טיף עטיאָפּיע. דער פּערטער איז געשטאָרבן, ווען ער איז צוריקגעקומען אין עטיאָפּיע פון ירושלים.

טאאמראט עמאַנועל איז געווען דער ערשטער פאַלאַש, וואָס האָט באַזוכט אַמעריקע. ער איז דאָ אַרויסגעטראָטן באַ אַ סך מי־טינגען און אומעטום געמאַכט דעם בעסטן איינדרוק. אינטערעסאַנט איז, אַז עמאַנועלס פאָטער איז געווען אַ מיליטער מענטש און איז געווען זייער נאָענט צום פריערדיקן עטיאָפּישן קייזער טעאָדאָר. אין עמאַנועלס משפחה צירקולירט אַ לעגענדע, אַז זייער אור־אור־עלטערן האָבן גאָר אַמאָל געוואוינט אין ארץ־ישראל, געקעמפט קעגן די פלשתים, אַז די פלשתים האָבן זיי געפאַנגען און שפּעטער אוועק־געפירט קיין עטיאָפּיע, ד. ה. אַז זיי געפינען זיך אין עטיאָפּיע פון דוד המלכס צייטן.

אויסער די פיר, האָט דר. פייטלאָוויטש ארויסגענומען נאָך זיבעצן יונגעלייט — פאלאשן. זיבן האָט ער אָוועקגעשיקט קיין ארץ־ישראל און צען קיין אייראָפּע, צו קריגן אַן אַלגעמיינע און אידישע דערציאונג און אויך לערנען פארשיידענע מלאכות.

יעדער איינער פון די זיבעצן יונגעלייט איז אַ צוקונפטיקער פירער בא די פאלאשן, יעדער איינער פון זיי וועט פארשפרייטן אידישן און אלגעמיינעם וויסן צווישן די פאַרוואָרפענע אידן פון עטיאָפּיע.

אין אמעריקע האָט דר. פייטלאָוויטש געגרינדעט א פראָ־פאלאשן קאָמיטעט, וועלכער האָט די אויפגאבע צו העלפן די פאלאשן מיט וואָס נאָר עס איז מעגלעך. אָט דער קאָמיטעט העלפט מאַטעריעל די פאלאשן אין עטיאָפּיע גרינדן שולן, אויסהאלטן זיי און שיקט אָפּט ביכער, פון וועלכע זיי קריגן נייעם וויסן וועגן אידישן פאָלק. א סך אַמעריקאַנער און אייראָפּייאישע אידן, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין די פאלאשן, האָבן זיי צוגעשיקט ספרים אלס מתנות.

אָט אַזוי איז צוגעקומען צו אונדזער אידישער משפחה נאָך א נייער מיטגליד — די שווארצע אידן פון עטיאָפּיע.

וואָס פאַר אַ האָפענונגען מען לייגט אין יענער געגנט אַף די פאלאשן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער צוקונפט פון עטיאָפּיע קען אַמבעסטן אילוסטרירן די מיינונג פון דעם גובערנאַטאָר פון עריט־טרייע, וועלכער איז גוט באַקאַנט מיטן לאַנד און מיט די פאלאשן.

„די פאלאשן זיינען סיי פיזיש און סיי גייסטיק דער בעסטער עלעמענט צווישן די איינוואוינער פון עטיאָפּיע. עס קען זייער גע־מאָלט זיין, אַז פון אָט יענע אידן, וועלכע ציען זייער יחוס פון שלמה המלך, וועלן אַרויסקומען די יעניקע, וועלכע וועלן דערהויבן אַבי־סיניע צו אַ העכערער ציוויליזאַציע".

# די תימנער אידן

(פון מיין רייזע אַרום דער וועלט)



שוין זעקס וואָכן, אַז מיר, איבער פופציק חלוצים פון ווייטן מזרח, פאָרן מיט דער שיף „טריעסט". דורכגעפאָרן דעם יאַפּאַנישן ים, דעם געלן ים, דעם כינעזישן, פאַרבייגעפאָרן אַ סך אַנדערע שיינע אינזלען און לענדער, פאַרבייגעפאָרן גאַנץ אינדיע, דורכגעפאָרן דעם אינדישן אָקעאַן און אַט דערנענטערן מיר זיך צום אַדענער אויסגוס, וועלכער פירט אונדז אַריין אין רויטן ים (ים סוף), צום זעלביקן ים, דורך וועלכן, לויט דער לעגענדע, זיינען די אידן אַריבער אין טרוקנ-קייט און פּרעה מיט זיינע סאָלדאַטן און רייטוועגענער זיינען דער-טרונקען געוואָרן.

איך האָב זיך פאַנאַנדערגערעדט מיטן קאַפּיטאַן פון דער שיף, אַ גרוי-אַלטן דייטש, וועלכער האָט זיין גאַנצן לעבן פאַרבראַכט אויף די וואַסערן און אין וועמענס נשמה איז לעצטנס פאָרגעקומען אַ גרויסער רים און אַ גרויסע טראַגעדיע, וואָס ער פירט איצט די שיף ניט אונטער דער עסטרייכישער פאָן, נאָר אונטער דער פאָן פון זיינע ערגסטע שנאים — די איטאַליענער, וועלכע אַלס באַזיגער אי-בער זיין באַליבט לאַנד, האָבן נאָך דער וועלט-מלחמה און לויטן ווערסאַלער שלום אָפּמאַך פאַרכאַפּט די שטיק לאַנד פון צווייטן זייט פון אַדריאַטישן ים, וואָס האָט פריער באַלאַנגט צו עסטרייך-אונ-גאַרן. און ער דאַרף דאָס צום ערשטן מאָל פירן די עסטרייך-אונ-גאַרישע שיף אונטער דער פאַרהאַסטער איטאַליענישער פאָן

דאָך צייטנווייז באַפרייט ער זיך פון דעם קאָשמאַר און דאַן איז ער זייער אינטערעסאַנט און דערציילט אונדז וואונדערבאַרע מעשות.

דעם פרימאָרגן, וואָס איך בין צו אים אַרויף, איז ער געווען אין אַ גוטער שטימונג, האָט זיך פאַרנאַנדערגערעדט וועגן די אידן אין פאַלעסטינע, האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסע באַקאַנטשאַפט מיט דער געאָגראַפישער, פּאָליטישער און עטנאָגראַפישער לאַגע פון

לאַנד, האָט מיר דערציילט אַ סך מעשות וועגן זיינע ארץ־ישראל־פּאַסאַזשירן. מיטאַמאָל האָט ער זיך פון עפּעס דערמאָנט און האָט אָנגעהויבן צו דערציילן:

„דאָס האָט געמוזט זיין מיט אַ יאָר צוועלף צוריק, איך האָב דאַמאָלסט געפירט אַ שיף פון די יאַפּאַנישע ברעגן צו טריעסט. ניט ווייט פון דאַנען האָב איך פון מיין שיפס־קאָמפּאַניע געקראָגן אַ טעלעגראַמע, אז איך זאָל זיך אָפּשטעלן אין אַדען און ארויפנעמען אַ 50 פּאַסאַזשירן, וועלכע איך זאָל אַראָפּלאָזן אין יפו, פּאַלעסטינע, ד. ה. איך האָב געדאַרפט ענדערן מיין מאַרשרוט. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַדען, זיד אַראַביען. פון דערווייטנס האָב איך שוין דערזען מיינע פּאַסאַזשירן: זיי זיינען געזעסן אויף דער ערד באַם ברעג פון ים. מיר איז שוין אויסגעקומען צו זען אָרימעלייט פון קאָרייע, קולים פון כינע, אַרבעטער פון אינדיע, אָבער אַזעלכע פאַראָרימטע, אויסגעדאַרטע, אויסגעהונגערטע פּאַסאַזשירן האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזען.

„דאָס זיינען געווען אידן פון תימן מיט זייערע פרויען און קינדער. די אידן זיינען געווען אָנגעטאָן אין עפּעס לאַנגע ברייטע שמאַטעס, אין זעק, שמוציגע לאַנגע העמדער. די פרויען — נאָך ערגער; אויף די קינדער, אויסער אַ לאַנגער העמד און פּעסקעס אויף די קעפּ, איז מער גאָרניט געווען. די אידן האָבן מיט זיך כמעט גאָרניט מיטגענומען, אויסער קיטלען, טליתים, ספרים.

„זיי זיינען אַלע געווען דעק־פּאַסאַזשירן.

„פון דעם ערשטן טאָג, וואָס מיר האָבן פאַרלאָזן אַדען, האָבן זיי אָנגעהויבן שטאַרבן. וואָס ווייטער מיר זיינען געפאָרן, אַלץ מער האָט זיך זייער שטערבלעכקייט פאַרגרעסערט. איך האָב אויפגעפאָדערט דעם דאָקטאָר, ער זאָל ניט קאַרגן זיין הילף, מעדיצין, עסן. נאָר זיי זיינען אָבער געווען אַזוי פרום, אַז זיי האָבן זיך אָנטזאָגט צו נעמען וואָס־עס־איז פון גויאישע הענט. האָב איך זיי אַרויסגעגעבן פון די בעסטע עסנס, וואָס מיר האָבן געהאַט אויף דער שיף, און זיי זאָלן אַליין צוגרייטן, קאָכן, און מאַכן, ווי זיי אַליין ווילן.

„נאָר עס האָט ניט געהאָלפן. איך האָב געטאָן אַלעס מעגלעכעס: די קראַנקע אַריינגעלייגט אין שפּיטאָל פון 1טן קלאַס, אַנ־

דערע געגעבן ערשט-קלאַסיקע קעבינס. נאָר אומזיסט. עס האָט ניט געהאָלפן. דער דאָקטאָר האָט דערקלערט, אַז דאָס קומט פון שטענדיקן הונגערן, פון שרעק און פון שוידערלעכע איבערלעבונגען. זייער אָרגאַניזם איז שוין צופיל אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און אַלס רעזולטאַט פון דעם איז די שטערבלעכקייט.

„אויף דער שיף האָט געהערשט אַ שטענדיק האַרצרייסנדיק געוויין, און די שטאַרקערע מענער צווישן זיי האָבן טאָג און נאַכט געלערנט, געוויינט, געבעטן גאָט.

„ס'איז געווען שרעקלעך אָנצוקוקן זיי, ווי זיי האָבן זיך אַלע צונויפגעקוועטשט אויפן דעק, און פון זייערע בלישטשענדיקע אויגן האָט אַ טויט-שרעק אַרויסגעקוקט.

„איר קענט אייך ניט פאָרשטעלן, ווי גליקלעך איך בין געווען, ווען איך האָב דידאַזיקע פּאַסאַזשירן געבראַכט קיין יפו.

„ווען זיי זיינען אַראָפּ אין יפו, און זייערע פיס האָבן דעם באָדן אָנגערירט, האָב איך פון דערווייטנס געזען, ווי זיי זיינען צוגעפאַלן צו דער האַרטער פאַרשטיינערטער ערד, האָבן זי געקושט און גע- וויינט ווי קליינע קינדער. נאָר דאָס מאָל האָבן זיי אפשר צום ערשטן מאָל געוויינט פון גרויס פרייד, דאָס זיינען אפשר צום ערשטן מאָל געווען באַ זיי טרערן פון גליק.

„איר ווייסט, האָט ער פאַרענדיקט, פון דאַמאָלסט אָן מייד איך אויס צו פירן די תימנער אידן קיין פּאַלעסטינע. דאָס שרעקלעכע בילד, ווי זיי וואַלגערן זיך אויפן דעק, שטייט נאָך איצט פאַר מיי- נע אויגן און מאַכט מיך שוידערן.

„נאָך איין זאַך מוז איך צוגעבן, אַזאַ הייסע ליבע צו אַ לאַנד, אַזאַ פּאַטריאָטיזם ווי זיי האָבן צו פּאַלעסטינע האָב איך נאָך קיינ- מאָל ניט געזען. ארץ ישראל איז פון זייערע ליפּן ניט אַראָפּ און מאָדנע האָבן זיי דאָס וואָרט אַרויסגערעדט — מיט אַזויפיל פאַרגע- טערונג, באַגייסטערונג,הייליקן עקסטאַז. אויך האָב איך באַמערקט באַ זיי אַ מאָדנעם שטאָלץ פאַרהילט אין אַן אומענדלעכן טרויער.״

מיר דערנענטערן זיך צו אַדען. איך גיב אַ קוק אויף דער געאָגראַפישער קאַרטע און זע, אַז מיר פאָרן אַריין אין רויטן ים (ים סוף); פון איין זייט אַפריקע: אַביסיניע, מצרים; פון דער צווייטער זייט אַזיע: יעמען, (תימן), אַראַביע מיט אירע הייליקע

מאַכמעדאַנישע שטעטע מעקא און מעדינאַ. ווייטער צו מערב גייט שוין פּאַלעסטינע.

אַ וועלט פון בילדער, געדאַנקען, זכרונות פילן מיך אָן.

דאָ איז דאָס וויגעלע פון די מאָדערנע רעליגיעס. פון דאַנען זיינען די דריי גרעסטע אמונות אַרויסגעקומען — די אידישע, קריסטלעכע, מאַכמעדאַנישע. פון דאַנען שטאַמען די ערשטע סע־מיטן. יעדער ים, יעדעס טייכעלע, אַפילו יעדער פעלז איז אַ שטיק געשיכטע.

אונדז, אידן, דערציילט דאָס אַלץ מער פון אַלע אַנדערע. אין אונ־דזער געשיכטע האָבן די שטעט, טייכן, ימים אַ גרויסע ראָלע געשפּילט. אַלץ איז אַזוי באַקאַנט, היימיש. מיר, די אידישע פּאַסאַזשירן, 50 אין צאָל, וועלכע פאָרן פון מאָנגאָליע, מאַנדזשוריע, סיביר און כי־נע קיין ארץ ישראל, טיילן זיך מיט די איינדרוקן. מיר דערמאַנען די אַלע היסטאָרישע פּלעצער אין צוזאַמענהאַנג מיט אונדזער גע־שיכטע.

— איר ווייסט, — רופט זיך אָפּ איינער פון אונדז — אַז דאָ אין אַדען איז מיט איניקע יאָר צוריק פאָרגעקומען אַן אמתער פּאָגראָם אויף אידן. די אַראַבער האָבן דאַן באַשלאָסן אויסצו־הרגענען אַלע אידן, נאָר אין דעם האָט זיי געשטערט די ענגלישע מאַכט, אין וועמענס הענט אַדען געפינט זיך. דאָך האָבן די אַראַבער איניקע אידן דערהרגעט און אַ סך אידיש האָב און גוטס צעראַבירט.

אונדזער שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון ברעג.

די ענגלישע באַאַמטע האָבן איבערגעקוקט אונדזערע פּעסער, אונדזערע וויזעס און אונדז דערלויבט אַראָפּצוגיין אין שטאָט.

אין דער זעלבער צייט האָבן מיר באַמערקט, ווי אַ שיפל איז צוגעשוואומען צו אונדזער שיף. עס האָט זיך באַוויזן אַ שטאַרק געבויטער מאַן, וועלכער האָט אין אַ שלעכטן ענגליש אַרויפגע־שריען צו אונדז, צי דאָ געפינען זיך אידישע חלוצים, וואָס פאָרן קיין ארץ־ישראל.

דאָס האָט ער דערהאַלטן די טעלעגראַמע, וואָס מיר האָבן גע־שיקט פון וועג דער אַדענער אידישער קהלה מיט דער ביטע, אַז זי זאָל באַזאָרגן אַ גרופּע חלוצים, וואָס פאָרט פאַרביי אַדען, מיט אי־דיש־ענגלישע צייטונגען און זשורנאַלן. מיר זיינען שוין געווען 6

וואָכן אין וועג און האָבן גאָרניט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך אויף דער ליכטיקער וועלט.

דער מאַן איז אַרויף צו אונדז אויף דער שיף און אונדז איבער־געגעבן אַ גאַנצן פּאַק מיט ליטעראַטור און צו דער זעלבער צייט געבעטן, מיר זאָלן אים טאָן די גרויסע טובה און דעם גרויסן כבוד — עסן בײַ אים מיטאָג.

אַליין איז ער אַ ספרדישער איד. זײַנע עלטערן שטאַמען פון אינדיע. ער איז אַן ענגלישער אונטערטאַן, האָט לאַנד אין ארץ־ישראל, ניט ווייט פון ירושלים, און דאָ וואוינט ער שוין אַ לענגערע צייט און באַשעפטיקט זיך מיט דעם, וואָס ער שטעלט צו פּראָוויאַנט און שטיינקוילן די אַלע שיפן, וואָס דאַרפן אַריבער דעם סועץ־קאַנאַל. ער איז איינער פון די רייכסטע אידן אין יענער געגנט. זײַן נאָמען איז מואר (מאיר) בענהארט.

— און אָט דאָ וואוין איך! — ווײַזט ער אָן אויף אַ גרויסן שווארצן הויז אין אַ טאָל צווישן צוויי הויכע בערג.

מיר האָבן די אײַנלאַדונג אָנגענומען, אָנזאָגנדיק אים, אַז אין אַ שעה אַרום וועלן מיר זײַן בײַ אים. אין דער באַשטימטער צייט האָט ער טאַקע אויף אונדז געוואַרט אויף די טרעפּ פון זײַן גרויסן הויז, אונז באַגריסט אויפן אָריענטאַלישן אופן. אונדזער גרופּע האָט ער צעטיילט אויף צוויייען: מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. די פרויען האָט זײַן אַלטע מוטער אַרויפגעפירט אויבן, אויפן ערשטן שטאָק, און אונדז, מענער, האָט ער פאַרבעטן אונטן אין אַ גרויסן זאַל, וואו די טישן זײַנען געווען געדעקט מיט די פאַרשיידענע אָרטיקע מאכלים און געטראַנקען. דאָרטן האָבן שוין אויף אונדז געוואַרט די פאָרשטייער פון די פרענקישע אידן. אונדזער געשפּרעך בײַם טיש איז געפירט געוואָרן אין העברעאיש. מע האָט גערעדט וועגן די אידן אין אייראָפּע, אַפריקע, אַזיע, וועגן ארץ ישראל, וועגן יפוער פּאָגראָם (וועלכער איז דאַן פאָרגעקומען). נאָכן עסן האָבן מיר זיך געטראָפן אויפן הויף מיט אונדזער פרויען־פּערסאָנאַל. זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז דער רייכער פרענקישער איד האָט זיך פאַרליבט אין איינער פון אונדזערע מיידלעך- אַ סיבירער מיידל פון אַ יאָר 14 — און האָט פאָרגעשלאָגן דורך זײַן מוטער דער מיידלס מוטער, אַז ער וויל איר פאַר אַ פרוי. ער וועט זי

פּשוט אָפּגילטן. פאַרשטייט זיך, אַז דער מיידלס מוטער האָט זיך פון דעם אויסגעלאַכט און ס׳איז פון דעם גאָרניט געוואָרן.

אַרויסגייענדיק פון הויף אין גאַס, האָבן מיר דערזען אַ גרויסן עולם אַראַבער, וועלכער האָט אונדז העכסט־אויפמערקזאַם באַטראַכט. זיי זיינען געשטאַנען פון דערווייטענס און פון אונדז די אויגן ניט אַראָפּגענומען. אונדז איז עפּעס געוואָרן ניט היימלעך. נאָר אונדזער חשד האָט דער באַלעבאָס פון הויז פאַרטריבן. ער האָט אונדז באַרואיקט, אַז דאָס זיינען ניט קיין אַראַבער, נאָר אידן — תימנער אידן, וועלכע, דערוויסנדיק זיך, אַז עס איז אָנגעקומען פון ווייטע לענדער עפּעס אַן אַנדער מין מאָדנע אידן, זיינען זיי געקומען אונדז באַגריסן.

אַלץ וואָלט איך וועגן זיי געטראַכט, נאָר ניט דאָס, אַז זיי זיינען אידן. אויפן ערשטן קוק האָבן זיי אויסגעדוכט צו זיין אַראַבער, אמתע ריין־בלוטיקע אַראַבער; געקליידט אין לאַנגע העמדער, אַריבערגעוואָרפן מיט אַ לאַנגן שוואַרצן כאַלאַט און אונטערגעגאַרטלט מיט אַ שטריק צו עפּעס אַנדערש. זיי זיינען מערסטנס געגאַנגען באָרוועס, אַ קליינער טייל אין שטעק־שיך אָן זאָקן; אויף די קעפּ ניט קיין פעסקע און ניט קיין יאַרמולקע, נאָר עפּעס ענלעכעס.

נאָר ווען מיר האָבן זיך גוט איינגעקוקט אין זיי, האָבן מיר טאַקע דערקענט אין זיי אידן. ערשטנס — די לאַנגע געקרייזלטע פּאות ביזן האַלדז, און צווייטנס — די אויגן. איך האָב שוין געזען אויף מיין לעבן אויגן, אידישע אויגן, נאָר אַזעלכע אויגן האָב איך נאָך ניט געזען. שוואַרצע, אומעטיקע, צו דערזעלבער צייט לעבעדיקע, קלוגע אויגן. אין זייערע אויגן שפּיגלט זיך אָפּ זייער טויזנטיאָריק וויסט אומבאַהאָלפן גלות־לעבן, זייערע אַלע צרות און ליידן. זיי זיינען ניט פון הויכן וואוקס, דאַר, די פּנימער — פון אַ טונקל־ברונעם קאָליר — פאַרברענט; די קעפּ — גלאַט אָפּגעראַזירט.

מיר זיינען צוגעגאַנגען צו זיי, זיך פאָרגעשטעלט אַלס אַשכנזישע אידן. ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיי אינגאַנצן געצווייפלט, צי מיר זיינען אידן. און ווי האָבן זיי געקענט אין אונדז זייערע ברידער־אידן דערקענען, ווען מיר זיינען געווען גלאַט ראַזירט, מיט קורץ־געשאָרענע האָר, אָן פּאות, מיט ווייסע היט אויפן קאָפּ, געקליידעט ווי גוים. און אונדזערע פרויען און מיידלעך — צוזאַמען

מיט פרעמדע מענער, זייערע פנימער אָפענע מיט גאָר ניט פאַרדעקט, ריידן מיט פרעמדע מענער, פאַרברענגען. פאַר תימנער פרויען וואָלט דאָס געווען אַ שרעקלאַכער פאַרברעכן.

מיר האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז מיר זיינען אידן, אַ סימן האָבן זיי — מיר ריידן מיט זיי העברעאיש.

אויף זייער פראַגע, פונוואַנען זיינען מיר, האָבן מיר זיי געענטפערט, אַז מיר זיינען פון רוסלאַנד. דאָס לעצטע איז געווען פאַר זיי אַ וואָרט אָן באַדייטונג. מיר האָבן זיי דערקלערט, אַז מיר זיינען פון מזרח-אייראָפּע. דאָס איז פאַר זיי אויך געווען נאָך ווייניק קלאָר. דערנאָך, אַז מיר האָבן זיי דערקלערט, אַז אונדזער לאַנד געפינט זיך איבער דעם פּערסישן אויסגוס, אויף יענער זייט קאַווקאַזער בערג, האָבן זיי שוין יאָ געהאַט אַ שטיקל באַגריף, פון וועלכער געגנט מיר זיינען.

זיי האָבן זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט, ווי עס לעבן דאָרטן אידן. מיר האָבן זיי דערקלערט, אַז מיר האָבן דאָרטן געהאַט אַ שווערן און ביטערן גלות. נאָר איצט, ווען די רעגירונג איז אריבער צו די אָרימע, איז אונדזער אידישע לאַגע פּאָליטיש און עקאָנאָמיש פיל פאַרבעסערט געוואָרן.

— גאָט צו דאַנקען! האָבן זיי זיך אָפּגערופן.

— באַ אונדז אין לאַנד — האָט איינער פון אונדזער גרופּע זיי געזאָגט — זיינען שוין איצט ניטאָ קיין אָרימע און קיין רייכע. מען האָט באַ די רייכע צוגענומען אַלץ און צעטיילט צווישן די אָרימע, און די לעצטע זיינען די גאַנצע באַלעבאַטים פון לאַנד.

— משיחס צייטן — האָבן אויסגערדט די תימנער אידן, אויפהויבנדיק די הענט און די אויגן צום הימל.

— וואוהין פאָרט איר? — האָבן זיי אונדז געפרעגט.

— קיין ארץ ישראל.

— זאָלן אייערע טריט געבענטשט זיין און זאָל אייך באַגליקן דאָרט אין לאַנד פון אונדזערע אָבות — האָבן זיי אונדז געוואונטשן, און אין זייערע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַ הייליק פייערל, און באַ אייניקע האָבן זיך אַפילו באַוויזן טרערן אין די אויגן.

— „אַראַץ איזראַעל... אַראַץ איזראַעל... האָבן זיי איבערגעחזרט אייניקע מאָל מיט פאַרגלאָצטע אויגן צום הימל מיט אַזאַ

געפיל, מיט אַזאַ התלהבות און היילִיקייט, אַז עס האָט אונז שטאַרק גערירט.

— נו, איר קענט דאָך אויך פאָרן — האָבן מיר זיי געזאָגט — עס קאָסט פון דאָנען אינגאַנצן אַרום 6 ענגלישע פונט (אַ 30 דאָלאַר).

— ווי אַזוי קען איך פאָרן — האָט זיך אָפּגערופן אַ שיינער אַלטער גרויער תימנער איד — איך פאַרדין אינגאַנצן איין רופּי (אַרום 25 סענט) אַ טאָג און האָב 2 ווייבער מיט 6 קינדער; ס׳איז ניט גענוג אויף עסן, און דאָס פאַרדין איך אויך ניט יעדן טאָג.

— וואָס איז אייער אַרבעט? — האָבן מיר אים געפרעגט.

— איך בין אַ טרעגער דאָ באַם האַפן, און אַרבעט נאָר דאַן, ווען מע דאַרף אָנלאָדן אָדער אויסלאָדן די שיפן. די איבעריקע צייט לייד איך מיט מיין פאַמיליע הונגער.

פון די ווייטערדיקע געשפּרעכן מיט די תימנער אידן האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז 6 פונט איז פאַר זיי די גרעסטע רייכקייט, וועגן וועלכער זיי קענען אַפילו ניט חלומען.

— זיינען דאָ באַ אייך גאָר ניטאָ קיין רייכע?

— ס׳זיינען דאָ אייניקע, וואָס זיינען רייך, אָבער דאָס פאָלק, די תימנער אידן לעבן אין גרויס אָרימקייט.

— וואָס טוען אייערע רייכע?

— זיי זיינען גרויסע סוחרים.

— וואָס טוען די אַנדערע?

— זיי זיינען שווערע אַרבעטער.

— ווי אַזוי האַלט איר אוים אייער קהילה?

— אונדזערע פאָרשטייער קריגן אַ קליינעם געהאַלט, ניט גענוג אַ לעבן צו מאַכן, און די קהילה-לייט מוזן האָבן אַ זייטיקע באַשעפטיקונג. אונדזער רב, אונדזער שוחט און די אַלע אַנדערע, וואָס אַרבעטן פאַר דער קהילה, זיינען באַלמעלאָכעס, און הויפּטזעכלעך פון דעם ציען זיי זייער חיונה.

דערנאָך האָבן זיי אונדז אין אַ פאַרצייטיקן, אָבער גוטן ביבלישן העברעאיש געגומען דערציילן וועגן זייער לעבן, פון זייערע צרות, פאַרפאָלגונגען, גזירות, רדיפות, וואָס זיי מוזן דאָ אויסשטיין, ווי זיי זיינען דאָ דערנידעריקט, וואָס פאַר אַ שווערן לעבן זיי

האָבן דאָ אין תימן. זיי האָבן אונדז דערציילט וועגן זייער געזעל־שאַפטלעכן, קולטורעלן לעבן, זייערע רעליגיעזע און צדקה־אָרגאַניזאַציעס.

— אונדז קומט אָן מיט גרויסע שוועריגקייטן צו בויען בתי־מדרשים. די אַראַבער פאַרווערן דאָס אונדז אינגאַנצן, דאָך האָבן מיר דאָ אַ שול.

מיר האָבן אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג צו זען זייער שול.

— גוט — האָבן זיי אונדז געענטפערט — אָבער מיר ווילן פריער אייך אויפנעמען ווי אונדזערע טייערע געשעצטע געסט, ווי אונדזערע ברידער. מיר ווילן פריער האָבן דעם כבוד מכבד צו זיין אייך מיט אונדזערען אַ מאָלצייט. אויף דעם מאָלצייט וועלן זיין אונדזערע אָנגעזעענע באַלעבאַטים, אונדזערע געלערנטע אידן — דער רב, דער מלמד, דער שוחט און דער פרנס.

מיר האָבן זיי דערקלערט, אז קיין מאָלצייט קענען מיר איצט מיט זיי ניט האָבן, ווייל רב מואר,וועלכער האָט אונדז באַ דער שיף באַגעגנט, האָט אונדז מכבד געווען מיט אַ ברייטער האַנט, און צווייטנס, מוזן מיר זיין באַצייטנס אויף דער שיף.

— מאָרגן וועלן מיר געווים האָבן מיט אייך אַ מאָלצייט. היינט ווייזט אונדז אייער שול און אַנדערע אינסטיטוציעס, וואָס איר האָט.

זיי זיינען געווען אומצופרידן, וואָס מירן ניט קענען היינט צוזאַמען עסן, דאָך האָבן זיי איינגעוויליקט, אז בלויז די מענער זאָלן מיט זיי גיין אין שול. מיר זיינען אַוועקגעגאַנגען.

די זון האָט אומברחמנותדיק געברענט, פשוט געבראָטן. אַלץ אַרום און אַרום איז געווען אויסגעטריקנט. די גאַנצע שטאָט איז געווען פאַרזייט מיט בערג און בערגלעך פון פאַרשיידענער גרייס. די בערג האָבן אויסגעזען ווי אָנגעטאָן אין אָרימע שמוציקע זאַכן. פון די בערג האָבן אַרויסגעשטאַרצט לעכער. דאָס זיינען היילן, וואו עס וואוינען מענטשן, ניט קיין חיות. די געסלעך — קליי־נינקע, געדרייטע, שמאָלינקע. די ליימענע און שטיינערנע הייזער מיטן פאַסאַד צום הויף. צו אונדז, פאַרבייגייער, שטייען זיי, די הייזער, מיטן רוקן.

אַט שלעפּט זיך אומעטיק אַ גרויסער קאַראַוואַן פון קעמלען, אָנגעלאָדענע מיט קאַסטנס, צו פיר פון יעדער זייט. צווישן די הויקערס פון די קעמלען זיצן זייערע אָנטרייבער, די אַראַבער, וועלכע זעען אויס גרוי ווי די קעמלען, און עס דוכט זיך דיר אויס, אַז די אַראַבער זיינען צונויפגעגאָסן געוואָרן מיט די קעמלען אין איין שטיק — עפּעס אין איין מאָדנע באַשעפעניש.

— דאָס איז אונדזער אייזנבאַן — האָט זיך איינער פון די תימנער מיט אַ שמייכל אָפּגערופן צו אונדז, אָנווייזנדיק אויפן קאַראַוואַן.

פון אַן אַנדער געסל, באַמערקן מיר, לויפט אַן אייזעלע אין אַ שיינעם אויסגעשטריקטן צודעק. אויף אים רייט אַ רייכער אַראַבער, און דאָס אייזעלע דרייט מיט די פיסלעך, אַז ס׳רופט בײַ אונדז אַרויס אַ געלעכטער.

דאָס זיינען געוויינטלעכע בילדער פון אָריענט, וואָס האָט אַזויפיל צייט און געדולד.

מיר זיינען אַריין אין שול, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר אַ קליין אָרים הויז פון איין צימער, אָרים באַלויכטן. לעבן שול אין אַן אָרימער כאַלופּקע, וואוינט דער שמש. אין מיטן שול — אַ בימה און בײַ דער מזרח-וואַנט — אַן ארון-קודש.

זיי האָבן אונדז באַוויזן זייערע ספרי-תורות, געוויקלט ניט ווי בײַ אונדז, פון ביידע זייטן, נאָר פון איין זייט, און אַריינגעלייגט אין אַ מין אויסגעפּוצטן פוטלאַר פון העלפאַנטביין, וועלכער זעט אויס ווי אַ צילינדער. איך האָב באַטראַכט זייערע ספרים, סידורים, חומשים און האָב זיך צו מיין גרעסטן וואונדער אָנגעשטויסן אויף אַ סידור, געדרוקט אין פּוילן, אין ווילנע, אין דער באַקאַנטער ראָמס דרוקעריי. עס איז אַפילו געווען אויף אים די דערלויבעניש פון צענזור.

— ווי קומט דער אשכנזישער סידור צו אייך? — האָב איך זיי געפרעגט.

— מיט יאָרן צוריק איז דאָ געווען איינער פון אייערע, נאָר אָנגעטאָן אַנדערש ווי איר. ער איז געווען אַ פרומער, גאָטספאָרכטיקער איד. זעענדיק אונדזער מאַנגל אין סידורים, האָט ער זיין סידור געשענקט פאַר אונדזער קהילה. און מיר היטן דעם היי-

ליקן סידור, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. איר ווייסט דאָך — בא אונדז זיינען קיין אידישע דרוקערייען ניטאָ. אויך ניטאָ קיין געלט צו באשטעלן פאַר אונדז די הייליקע שריפטן, מוזן מיר די ספרים היטן, ווי דאָס טייערסטע, וואָס מיר האָבן. אָפטמאָל האָט בא אונדז אַ גאַנצע קהילה ניט מער ווי איינציקע ספרים, און די קהילות בייטן זיך מיט די ספרים, לייען אוים איינע בא די אַנדערע.

— פון וויפיל אידן באשטייט אייער קהילה?

— איינציקע הונדערט. דאָ איז דאָך דער פּאָרט אַדען. אין דער שטאָט, דריי מייל פון דאַנען, געפינט זיך אויסער דעם אַ גרויסע קהילה פון איינציקע טויזנט אידן.

מיר זיינען אַרוים פון שול. אפילו אין די אָרימסטע, קלענסטע שטעטלעך אין פּוילן און אין ליטע זיינען די שולן א סך גרעסער, שענער, ריינער. אַזאַ אָרימע שול איז מיר איצט דאָס ערשטע מאָל אויסגעקומען צו זען, און אַ מאָדנעם שווערן איינדרוק האָט זי אויף מיר געמאַכט.

כ'גיי דורך די אידישע געטאָ. אָרעמע הייזלעך, צעוואָרפן, אָן אַן אָרדנונג. אָפט זיינען אַפילו קיין געסלעך ניטאָ, מערניט אַן אויסגעטראָטענער וועג אין די טאָלן און בערג, און אָפט איז אפילו קיין וועג אויך ניטאָ. זאַמד און זאַמד. די הייזלעך מאַכן אַן איינדרוק, ווי זיי האָבן זיך פאַר עפּעס דערשראָקן און ווילן זיך באַהאַלטן. זעלטן-זעלטן קען מען טרעפן אַ באַקוועמע הויז, מיט אַ ריכטיקן הויף; די איבעריקע זיינען קליינינקע, נידעריקע שמאָלינקע, פינצטערע. אין אַ פּאָר פון אַזעלכע הייזלעך בין איך אַריין. דאָס איז עפּעס שרעקלעכעס, שוידערלעכעס. בא אונדז אין ליטע מעגן די נידעריקע איינגעבויגענע כאַלופּקעס האַלטן זיך פאַר פּאַלאַצן אַנטקעגן די הייזלעך פון די תימנער אָרימע אידן. דאָס זיינען גיכער קברים, וואו עס לעבן לעבעדיקע מענטשן. דאָ וואוינען זיי מיט זייערע פרויען (די תימנער מעגן האָבן מער ווי איין פרוי) און קינדער און אָמאָל מיט זייערע זיידעס און באָבעס.

דערביי זיינען די תימנער מערסטנס געלערנטע אידן. קולטורעל און מאָראַליש שטייען זיי אַ סך העכער פון דער אַרומיקער אַראַבישער באַפעלקערונג. כמעט אַלע אידן קענען אויסער אַראַביש אויך העברייאיש. זיי פאַרברענגען כמעט די גאַנצע פרייע

צייט איבער ספרים. פון דער סאַמע פריסטער יוגנט אָן הייבט מען זיי שוין אָן צו לערנען, און די קינדער מוזן אַליץ, וואָס מע לערנט זיי, אויסחזרן אויף אויסווייניק. און דאָס לערנען פאַרלאָזן ניט די תימנער אידן ביזן לעצטן אָטעם. גראָד האָבן זיי גוטע שאַרפע קעפּ צום לערנען, צום געדענקען. דאָס האָבן זיי זייערע קעפּ אויסגעשאַרפט אין פאַרלויף פון טויזנטער יאָרן. ניט האָבנדיק גענוג ספרים, האָבן זיי כמעט אַליץ, וואָס זיי האָבן געלערנט, אויס־געלערנט אויף אויסווייניק.

איך בין דערנאָך מיט זיי אַוועק אין הקדש. דאָס איז דאָס טרויעריקסטע, וואָס איך האָב ווען עס איז אין מיין לעבן געזען. שטעלט אייך פאָר אַן אָפּגעצאַמט אָרט אָן אַ דאַך. די זון באַקט אָן רחמנות. בייזע פליגן פילן אָן דעם הויף און בייסן, אַזוי ווי פליגן קענען נאָר בייסן אין די הייסע לענדער. אויפן הויף — אַ סך בעטן, אַזוי ווי די בעטן, אויף וועלכע מע טראָגט ביי אונדז טויטע. אויף די בעטן, אויף הוילן שטרוי, מיט עפּעס פאַרשמאַלצענע שמאַט־קעס אויפן קאָפּ, ליגן די קראַנקע, מערסטנס אַלטע, אויסגעדאַרטע אידן. אונטער אַנדערע איז די שטרוי שוין אינגאַנצן צעפּוילט. קיין זכר פון אַ שטרוי־זאַק, פון אַ ליילעך, אַ קישעלע, צי אַ קאָלד־רע. און דאָ ליגן זיי, ביז זיי שטאַרבן אויס, אָדער ביז זיי גייען אַוועק צוריק אַהיים, אויב זיי האָבן אַ היים.

יענע נאַכט בין איך ניט געשלאָפן. ניט געקענט פאַר קיין פאַל איינשלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר געוואָלט אַראָפּ פון שיף, גיין אין זייער געטאָ, נאָך אַמאָל אַריין אין הקדש, צוגיין צו די אַלטע אידן, טרייסטן זיי, עפּעס טאָן אַזוינס, פון וואָס זיי זאָלן האָבן אַ ביסעלע פרייד, אַביסעלע פאַרגעניגן.

---

אויף מאָרגן פון דער פרי אָן האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן צו אונדז אויפן שיף די תימנער אידן. קענטיק, אַז אַלע אידן פון פאָרט זיינען געקומען אָנזען דאָס בייזע וואונדער — די מאָדנע אידן פון די ווייטע לענדער. מיר האָבן זיי באַוויזן אונדזערע טליתים, תפילין, ספרים, חומשים, גמרות. אייניקע פון די ספרים האָבן מיר געשענקט פאַר זייער קהילה. דאָס איז געווען דער בעסטער געשאַנק, וואָס מיר האָבן זיי געקענט מאַכן.

תימן איז, ווי עס ווייזט אויס, אַ לאַנד פֿון עם-הארצים. אַלע האָבן געלערנט, אַלע קענען. די פּשוטסטע אַרבעטער, וואָס אַר־בעטן שווער און ביטער אַ גאַנצן טאָג, רייסן אָפּ אַ ביסל צייט אין דער פֿרי און אין אָוונט, כּדי צו לערנען. פֿאַרשטייט זיך, אַז אונדזער אידישע שפּראַך מיט איר בערך רייכער ליטעראַטור איז זיי אינגאַנצן אומבאַקאַנט. זיי האָבן געקוקט אויף אונדזערע צײַ־טונגען, זשורנאַלן, ביכער אין אידיש און האָבן זיך געוואונדערט: שריפֿטן מיט די הייליקע אותיות, און זיי קענען זיי דאָך ניט לייענען. עס איז זיי אינגאַנצן פֿרעמד.

ביז מיטאָג האָבן זיי אונדז ניט אָפּגעלאָזן. איין זאַך האָט זיי, קענטיק, פֿאַרדראָסן — וואָס אונדזערע פֿרויען און מיידלעך גייען אום פֿראַנק און פֿריי און מישן זיך אַפֿילו אַרײַן אין געשפּרעך. זיי האָבן זיך געפֿילט שטאַרק אומבאַקוועם אין דער אָנוועזנהייט פֿון פֿרעמדע פֿרויען: ניט געוואוינט דערצו. דאָך איז אונדזער געשפּרעך די גאַנצע צייט געווען אַ האַרציקער און אינטימער, אַזוי ווי פֿון אייגענע ברידער, וואָס זײַנען געווען אָפּגעריסן איינע פֿון די אַנדערע אַ גאַנצן לעבן און האָבן זיך אויף די עלטערע יאָרן צוריק געטראָפֿן. מיר אַלע צוזאַמען האָבן פֿאַרנומען דעם גאַנצן דעק פֿון שיף, זײַנען געזעסן אויפֿן דיל, אויף די שטריק, אויף די קוימענס, אויף וואָס נאָר מע האָט געקענט זיצן. עס זײַנען אַנטשטאַנען אייניקע גרופּן: אַ גרופּע פֿון עלטערע אידן — ווייסע און טונקעלע, אַ גרופּע פֿון מיטליעריקע, פֿון יונגע לייט. מע האָט גערעדט, גערעדט און ניט געקאָנט אָנריידן זיך. מע האָט דערציילט, ווי אידן לעבט זיך אומעטום, אין וואָס פֿאַר אַ לאַגע זיי געפֿינען זיך, וועגן זייערע פֿאַרלאַנגען, האָפֿענונגען און שטרעבונגען. און גערעדט האָט מען מיט אַזאַ אינ־טערעס, מיט אַזאַ ליבע, ווי נאָר געפֿונענע ברידער קענען ריידן, אַרײַנדרינגען, פֿאַרשטיין.

די חשובֿע אידן פֿון דער אַדענער קהילה האָבן אונדז דערציילט וועגן זייער לעבן, געוואוינהייטן, מנהגים, פּרנסה, וועגן זייערע גרויסע אידן, פּירער, פּאָעטן, זינגער.

צופֿיל אָרט וואָלט פֿאַרנומען, ווען איך זאָל איבערגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן אונדז דערציילט וועגן זיך. געווים האָבן זיי אין זייערע געשיכטן אַרײַנגעפֿלאָכטן אַ סך מעשׂיות, לעגענדעס און אומ־

גלויבלעכע זאַכן. איך וועל אָבער אין קורצן איבערגעבן דאָס וואָס איז געשיכטלעך מער אָדער ווייניקער פעסטגעשטעלט. און אָט וואָס זיי האָבן אונדז דערציילט פון זיך:

נאָכן ערשטן חורבן האָבן אַ סך אידן פון ארץ־ישראל, ניט קע־נענדיק אַריבערטראָגן די ניי־געשאַפענע לאַגע, אויסגעוואַנדערט און אַוועק זוכן אַ ניי אָרט צו באַזעצן זיך און לעבן רואיק. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין תימן. די ערשטע צייט האָט זיך זיי געלעבט ניט שלעכט. זיי האָבן אַפילו געגרינדעט אַן אייגענע מלוכה, וועלכע האָט אַ לענגערע צייט עקזיסטירט און איז דערנאָך דורך די אַראַבער פאַר־ניכטעט געוואָרן. דאָך האָט זיך זייער איינפלוס אין תימן שטאַרק געפילט, און אַרום דעם 5טן יאָרהונדערט האָט אַפילו דער הערשער פון אַראַבישן האַלב־אינדזל דהו נאוואַס (דער געקרייזלטער פרינץ), אָנגענומען דעם אידישן גלויבן און גרויזאַם פאַרפאָלגט דאָס ביסעלע קריסטן, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט אין יענער געגנט געפונען. דאָס האָט אויפגערייצט דעם קריסטלעכן קייסער פון קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל, וועלכער האָט אויפגעמונטערט די עטיאָפּיער נעגערס אָנצו־פאַלן אויף די אַראַבער. קריגנדיק אַ גרויסע הילף פון דעם קריסט־לעכן אימפּעראַטאָר, זיינען זיי באַפאַלן אַראַביע און זי איינגענומען. דהו נאוואַס איז דאַן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד (אַרום דעם יאָר 525 נ. ק.) זיין אָרט האָט פאַרנומען אַריאַט, דער עטיאָפּישער גענעראַל.

דאָך האָבן נאָך די תימנער אידן אָנגעהאַלטן זייער פּאָלי־טישע זעלבסטשטענדיקייט. די ערגסטע צייטן האָבן די תימנער אידן דורכגעמאַכט דאַן, ווען מאַכמעד איז דערשינען און האָט אָנגעהויבן דורך שווערד און פייער באַקערן די מענטשהייט צו זיין רעליגיע. מאַכמעדס אָנהענגער האָבן אַ לאַנגע צייט באַלאַגערט די פעסטונג פון דער אידישער הויפּטשטאָט צנעה און האָבן די שטאָט פאַר קיין פאַל ניט געקענט איינעמען. אַזאַ העלדישן ווידערשטאַנד האָבן די אידן אַרויסגעוויזן די מאַכמעדאַנער. דער ווידערשטאַנד איז געבראָכן געוואָרן בלויז דאַן, ווען מאַכמעד מיט זיינע אומצייי־ליקע ארמייען איז אליין געקומען און האָט די פעסטונג איינגענומען. דאַן האָבן די תימנער אידן דורכגעמאַכט דעם שרעקליכסטן חורבן אין זייער געשיכטע. מאַכמעד האָט דעם גרעסטן טייל אידן אויסגע־הרגעט, אַ גרויסן טייל געצוואונגען מיט אינקוויזיטאָרישע מיטלען

אָנצונעמען זיין גלויבן. פֿון דאַן אָן ביזן היינטיקן טאָג ציט זיך פאַר די תימנער אידן די קייט פון צרות,ליידן, דערנידערונגען. און פון דאַן אָן האָט זיך אָנגעהויבן פאַר די תימנער אידן דאָס אמת׳ע ביטערע גלות-לעבן.

אַ סך מאָל האָט זיך זייער לאַגע געבעסערט. דאָס איז געווען יעדעס מאָל, ווען תימן פלעגט אַריבערגיין אין אַנדערע הענט, ווי צו די טערקן, ענגלענדער. נאָר דאָס פלעגט אָנהאַלטן בלויז אַ קורצע צייט. ערשטנס, האָט זיך ניט געלוינט די נייע עראָבערער איינרייסן צוליב די אידן מיט די אַראַבער, און צווייטנס, האָבן די נייע דעראָבערער אַזוי טיף ניט געקענט אַריינדרינגען אין לעבן און דורכפירן אַזעלכע ערנסטע רעפאָרמען. די אידישע לאַגע פלעגט דעריבער בלייבן ווי געווען. וואָס אַמבאַלאַנגט די תימנער אַראַבער, האָבן זיי קיינמאָל ניט געקענט אפילו דערלאָזן דעם געדאַנק וועגן געבן אידן רעכט, ווייל אין זייערע אינטערעסן איז געווען אָנצוהאַלטן די אידן אין דער פאַרשקלאַפונג, אין וועלכער זיי געפינען זיך ביז היינטיקן טאָג.

---

די אַראַבער, פאַרשטייט זיך, פאַרנעמען די העכסטע און די בעסטע עקאָנאָמישע פאָזיציעס אין לאַנד, און אין דעם אידן האָבן זיי געפונען דעם עלעמענט, וועלכער זאָל טאָן פאַר זיי די נידעריקסטע און שווערערע ארבעט. דאָס לאַנד אָן די אידן וואָלט אינגאַנצן רואינירט געוואָרן. דעריבער עקזיסטירט טאַקע דאָרט אַ געזעץ, וואָס פאַרווערט די אידן אויסצוואַוואַנדערן. און ווען די אידן וואַנדערן יע אַרויס, טוען זיי עס בגנבה אין טויט-שרעק געכאַפּט צו ווערן. ווען מע כאַפּט זיי, ווערן זיי געפּייניקט ביזן טויט. נאָך אין קיין לאַנד, אַפילו אין דער צאַרישער רוסלאַנד, זיינען קעגן אידן ניט געווען אַזוי פיל אויסנאַם-געזעצן ווי אין תימן. די לאַגע פון די תימנער אידן דערמאָנט אונדז אָן די פינצטערע צייטן פון מיטלאַלטערלעכער מערב אייראָפּע.

די אידן אין תימן זיינען אינגאַנצן אויסערן געזעץ, און אויב דאָס געזעץ איז אַמאָל יע אויף זייער זייט, איז דאָך אַזוי שווער פאַר זיי צו געפינען גערעכטיקייט אין די אַראַבישע געריכטן, אַז די אידן סטאַרען זיך אַהין וואָס ווייניקער צו ווענדן. ווען אַן אַראַבער, צום ביישפּיל, באַגנבעט אַ אידן, מוז דער איד פריער איינלייגן

די סומע, אויף וויפיל ער איז באַגנבעט געוואָרן, מוז אליין ברייגנען דעם גנב און די עדות צום ריכטער; אַז ניט — באַלאַנגט דאָס איינגעליייגטע געלט צו דער רעגירונג, און דער איד ווערט נאָך חוץ דעם שווער באַשטראָפט, און דערנאָך ווערט ער נאָך ווידער באַשטראָפט פון גנב און פון זיינע קרובים. פאַרשטייט זיך, אַז דער איד מיידט אוים אַזאַ גערעכטיקייט און אַנטלויפט פון איר ווי פון פייער. דערצו איז כמעט קיין פאַרברעכן ניט אין תימן צו דערהרגענען אַ אידן. אַפּט, זייער אָפט קומען דאָרטן פאָר מערדערישע אָנפאַלן אויף אידן, און די מערדער ווערן ניט באַשטראָפט.

אָנפאַלן אויף אידן, שלאָגן זיי, איזדיעקעווען זיך איבער זיי איז פאַר די אַראַבער אַ פאַרגעניגן, און ביי דער אידישער לאַגע דאָרטן קען זיך דער איד ניט אָפּרעכענען מיט זיינע פאַרפאָלגער.

אידן מוזן דאָרטן וואוינען אין באַזונדערע געטאָס אויסער דער שטאָט. זי טאָרן ניט האָבן קיין שיינע הייזער. מערסטנס וואוינען זיי אין די היילן, אין די בערג, אַזוי ווי ווילדע חיות, אָדער אין הייזלעך, וואָס איז אַ חוזק אָנצורופן הייזער. אויסער דער געטאָ טאָרן די אידן ניט האַנדלען. זיין סוחרים, האָבן קראָמען אין די מאַכמעדאַנישע גאַסן איז שטריינג פאַרווערט. די, וואָס טוען עס יע, מוזן דערפאַר זייער פיל באַצאָלן אין כאַבאַר, און זיי טוען עס בגנבה. און די, וואָס האָבן שוין יע קראָמען אין אַראַבישן טייל פון שטאָט, מוזן אין אָוונט פאַרלאָזן די שטאָט און גיין צו זיך אין דער אידישער געטאָ, איבערלאָזנדיק זייער האָב און גוטס, זייער גאַנצן געשעפט אויף דער באַרמהאַרציקייט פון די אָרנטלעכע אַראַבער.

פאַר יעדן קלענסטן פאַרברעכן קריגן די אידן די גרעסטע געלט־שטראָף, און ווען זיי קענען די געלט־שטראָף ניט באַצאָלן, שמידט מען זיי אין קייטן און מע זעצט זיי אריין אין געפענגניש, און דאָרט באַהאַנדלט מען זיי אויפן גרויזאַמסטן אופן. אָפט צווינגט מען זיי אַפילו אָנצונעמען דעם מאַכמעדאַנישן גלויבן. וואָס דאָס באַטייט פאַר די העכסט פרומע פאַנאַטישע תימנער אידן, קען זיך יעדערער פאָרשטעלן.

די אידן טאָרן ניט טראָגן קיין נייע און גוטע קליידער. די קליידער מוזן זיין פון שוואַרצן קאָליר. די קליידער מוזן זיין ניט לייגגער ווי ביז די קני. אויפן קאָפּ קיין טיכל, ווי אַלע אַראַבער,

טאָרן זיי ניט טראָגן. דערפאַר מוזן די אידן האָבן לאַנגע פאות. דער איד טאָר ניט פאָרן אויף אַן אייזל, ווען אַן אַראַבער פאָרט אַנטקעגן. ער מוז אַראָפּ פון אייזל, פירנדיק אים פון הינטן, גיין צופוס און מוז נאָך פון דער ווייטנס פריער באַגריסן דעם אַראַבער. ווען די אידן גייען אַרויס פון אידישן קוואַרטאַל, מוזן זיי אויסטאָן די שיך און גיין באָרוועסערהייט. זיי טאָרן ניט גיין אין גאַס אין דער רעכטער זייט פון אַן אַראַבער, אַפילו אין באָד טאָרן זיי זיך ניט וואַשן צוזאַמען מיט די אַראַבער.

די אידישע געטאָ איז אַרומגערינגלט מיט אַ וואַנט און מיט אַ טויער צום שטאָט. ביים טויער שטייען אַראַבישע פּאָליציייליט, און די אידן, וואָס גייען דורך דעם טויער, מוזן ווייזן אַ צעטעלע, אַז מע האָט זיי דערלויבט אַריין אין שטאָט. די אידן מוזן צאָלן אַ באַזונדערן קאָפּ־שטייער דער רעגירונג, און אין יעדער געטאָ איז דאָ אַ פאָרשטייער פון די אידן, דער פרנס, וועלכער מאָנט אויף דעם קאָפּ־שטייער און גיט עס איבער דער רעגירונג.

און דער הערשער איז דער באַוואוסטער צורר היהודים אימאם יחיה. איין אויפגאַבע האָט דער אַזיאַטישער דעספּאָט: וואָס מער אויסהונגערן, עקספּלואַטירן, דערנידעריקן די דאָרטיקע אידן. ער האָט אַ האַרעם מיט פיל ווייבער. לויטן געזעץ דאַרף יעדע שיינע אידישע כלה די נאַכט פאַר דער חתונה מיט אים פאַרברענגען און דאָס רעכענען די אידן פאַר איינעם פון די ערגסטע און שרעקלעכסטע געזעצן.

אין יענער צייט ווען איך בין דאָרטן געווען, האָט אין תימן געקאָכט מיט אַ געשעעניש וועלכע איז ווערט דאָ דערציילט צו ווערן, ווייל זי כאַראַקטעריזירט אין אַלגעמיין די אידישע לאַגע אין תימן.

דאָרטן אין תימן האָבן די אידן אויך, ווי די רייכע אַראַבער, מער פון איין פרוי. איין איד, דוכט זיך, ער איז געווען אַ דיאַמאַנטן שלייפער, האָט געהאַט פיר פרויען, און ווען איינע פון זיינע פרויען איז געשטאָרבן האָט ער חתונה געהאַט באַהאַלטענערהייט מיט אַ יונגער שיינער מיידל. דער נייער פרוי זיינער האָט באַמערקט אַ רייכער שעיך און זי האָט געפונען „לייטזעליקייט" אין

זיינע אויגן און ער האָט צוגעשיקט א באַנדע אַראַבער, וועלכע האָבן אַרויסגעגנבעט די יונגע שיינע פרוי און איבערגעגעבן איר דעם רייכן שעיך. פאַר דעם אידן איז דאָס געווען, פאַרשטייט זיך, זייער אַ גרויסער אומגליק. יאָרן לאַנג האָט ער געאַרבעט אום צו קריגן צוריק זיין פרוי, ער איז רואינירט געוואָרן און האָט פאַר קיין פאַל קיין גערעכטיקייט אין אימאַם יהיה׳ס לאַנד ניט געקענט געפינען, האָט ער נאָך אַמאָל חתונה פאַר נאָך אַ שענערער, און דאָס חתונה האָבן האָט ער געהאלטן בסוד סודות, כדי דער גרויזאַמער קעניג זאָל זיך פון דעם ניט דערוויסן, אָבער זיינע שכנים אַראַבער האָבן זיך פון דעם דערוואוסט און זיי האָבן וועגן דעם דערציילט דעם קעניג אימאַם יהיה. מען האָט דעם אידן אַרעסטירט און אריינגעזעצט אין תפיסה און דאָרטן האָט מען אים פאַרפייניקט צום טויט. די יונגע אלמנה מיט אַן עופהלע פון דריי חדשים האָט זיך אַ לענגערע צייט אויסבאַהאלטן און דערנאָך זיינען זיי צוגעשטאַנען צו א אידישן קאַראַוואַן, וועלכער האָט זיך געגנבעט אויפן וועג קיין ארץ-ישראל. די וועג איז געווען א שרעקלעכע אבער זיי זיינען געקומען קיין ארץ-ישראל. די יונגע אלמנה האָט דאָך ניט אויסגעהאלטן. זי איז אין גיכן געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק דאָס עופהלע אויף פרעמדע הענט.

---

א קליינער טייל פון די תימנער אידן באַשעפטיקט זיך מיט מסחר; דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען באַלמעלאָכעס, אַרבעטער, און גראָד שווערע ארבעטער. די אידן אין לאַנד זיינען עס די שמידן, יואוועלירער, סטאָליאַרעס, שטיינהאַקער, מעטאַל-אַרבעטער, שוסטער, טרעגער, האַפן-אַרבעטער, מוליאַרעס. אַ סך פון זיי טוען די פאַרשיידנסטע שמוציקע אַרבעטן, פאַר וועלכע די אַראַבער וואָלטן זיך פאַר קיין פאַל ניט גענומען. און וואָס האָבן זיי פאַר דער ארבעט? — קוים, קוים אָפּצועסן. זיי פאַרדינען אַרום 25 סענט (אַ רופּי) אַ טאָג.

און אַזוי לעבן דאָרט ביז 50 טויזנט אידן.

לעצטנס איז זייער לאַגע נאָך מער פאַרערגערט געוואָרן. און דאָס ערגסטע איז איצט פאַר זיי, וואָס דאָרטן איז אַרוים א געזעץ, אַז מען זאָל אלע אידישע יתומים און יתומות אָפּ׳שמד׳ן.

פון זייערע רייד זעט מען אַרויס, ווי זיי פאַרהאַסן דאָס לאַנד תימן. זייער שענסטער חלום איז צו קומען אין דעם הייליקן לאַנד. נאָר זיי קענען אָבער אפילו ניט טרוימען וועגן דעם.

דאָס וועלן אַריינדרינגען אין דאָס הייליקע לאַנד איז ביי די תימנער אידן געוואָרן א פסיכאָז. אַלע טראָגן זיך אַרום מיט דעם אידעאַל און בויען משונעדיקע פּלענער, ווי אַזוי דעם אידעאַל דורכ־צופירן. זיי האָבן זיך איניקע מאָל געווענדעט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן פאַראינטערעסירט אין דעם פּלאַן דר. רופּינען, דעם קאָלאָניזאַציע פאָרשטייער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבען זיך געווענדעט צו דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטער אָרגא־ניזאַציע. די ארבעטער אָרגאַניזאַציע האָט יאָ געשיקט זיי אַן איינ־לאַדונג צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. אבער, וואָס פאַר א באַדייט האָט די איינלאַדונג, ווען מען האָט קיין מיטלען אויף דער איינוואַנ־דערונג ניט געשיקט?

— מיר זיינען אַרבעטער — האָבן אונדז די תימנער אידן דער־קלערט. — אַ סך, גאָר א סך פון אונדז קענען פעלד־אַרבעט און גערטנעריי. מיר קענען די פאַרשיידנסטע מלאכות און מיר וואָלטן זיך פאַרקויפט פאַר קנעכט אויף אונדזער גאַנצן לעבן, נאָר מע זאָל אונדז באַפרייען פון גלות תימן און אַראָפּברענגען אין דעם הייליקן לאַנד. נאָר ווי עס ווייזט אויס, אַרט ניט יענע אידן פאַר אונדז, און אַזוי וועלן מיר אונטער דעם שווערן אַראַבישן יאָך אויסשטאַרבן.

וואָס האָבן מיר זיי געקענט זאָגן?

דער זייגער איז געוואָרן 12, און אין זייער באַגלייטונג זיינען א סך פון אונדזער גרופּע אַוועק צו זיי עסן מיטאָג.

איך בין גראָד ניט געגאַנגען. כ'האָב קיין צייט ניט געהאַט.

צוריקקומענדיק האָבן אונדזערע חברים מיט באַגייסטערונג דער־ציילט, אַז מע האָט פאַר זיי מקריב געווען אַ קרבן.

מען האָט אויף אַ גרויסן הויף געשאָכטן א שעפּס און מיט א גרויסער פּראָצעדור דעם קרבן אַריינגעלייגט אין זאַמד אויף ברע־נענדיקע קוילן און גליענדיקע שטיינער. און אויפן הויף טאַקע האָט מען צעשטעלט די נידעריקע טישן און לאַנגע בענק. זיי האָבן זייערע נייע ברידער מכבד געווען מיט געשמאַקן געפּרעגלטן פלייש, מיט חלה, גרינס, פרוכט און וויין. דער גאַנצער מאָלצייט איז געווען א

פראַצעדור פון עסן, געזאַנג און תפילות. נאָר קיין פרויען האָט מען אין דער פראַצעדור ניט געזען, ווייל זיי האָבן קיין אָנטייל ניט גענומען. זיי זיינען ערגעץ געווען פארמאַכט. די גאַנצע אַרבעט האָבן דורכגעפירט די בכבודיקע אידן.

ווען אונדזער גרופּע האָט אָפּגעגעסן, האָט זי צווישן זיך געמאַכט אַ זאַמלונג, וועלכע האָט אריינגעטראָגן אייניקע ענגלישע פונטן, און געוואָלט זיי געבן די תימנער אלס אַ מתנה. נאָר די תימנער ברוינע אידן האָבן זיך שטאַרק באַליידיקט און ניט געוואָלט אָננעמען. אָפּילו מנדב זיין דאָס געלט פאַר דער שול האָבן זיי ניט געוואָלט. זיי האָבן צוגעשטימט, אַז דאָס געלט זאָל גיין אויפן הקדש. און פאַר דעם געלט זאָל מען פאַר די קראַנקע און אַלטע מאַכן שטרוי-זעק, ליילעכער, צודעקס און קישעלעך.

פיר טעג האָבן מיר פארבראַכט מיט די תימנער אידן. מיר פלעגן אַלע מאָל זיין צוזאַמען, אָדער מיר ביי זיי אין זייער געטאָ אָדער זיי בא אונדז אויפן שיף. מען קען ניט זאָגן, אַז זיי האָבן פון אונדז געהאַלטן ווי פון אמת'ע אידן. עפּעס איז זיי ניט קלאָר געווען. יע, די ווייסע זיינען ווייסע אידן, אבער זיי זיינען ניט קיין גוטע אידן. גאָר אַ קלייניקייט — די ווייסע אידן עסן דאָס, וואָס די ווייסע גוים גיבן זיי. אפילו זיי עסן זייערע פליישן און זייער געקעכץ. די ווייסע אידן רויכערן און ארבעטן אום שבת. כאָטש מיר האָבן זיך אויסגעהיטן, אז זיי זאָלן דאָס אַלץ ניט זען, ניט באַמערקן, דאָך האָבן מיר אונזער „גויאישקייט" פון זיי ניט געקענט אין גאַנצן באַהאַלטן. און זיי האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן, שטאַרק געקרענקט. און נאָך מער: און אָט אזעלכע „שלעכטע " אידן פאָרן דאָס אין דאָס הייליקע לאַנד אין דאָס לאַנד פון אברהם, יצחק, יעקב און משה רבנו! ? זיי איז דאָס געווען אומפאַרשטענדלעך. און מיר פאַרדריסט ביז היינטיקן טאָג, וואָס מיר האָבן מיט אונדזער ניט רעליגיעזער אויפירונג זיי אזוי פיל עגמת נפש פאַרשאַפט.

און ווען מיר האָבן געדאַרפט פאַרלאָזן אָדען איז די גאַנצע אידישע שטעטל געקומען אונז באַגלייטן, און ווען אין אייניקע שעה שפּעטער איז אונדזער שיף אָפּגעגאַנגען, האָבן מיר געזען די תימנער אידן אין די קליינע שיפלעך, ווי זיי האָבן פשוט געוויינט, מיט די לעצטע כוחות אַרויפגעשריען זייער וואונטש, עס זאָל אונדז באַ-

גליקט ווערן דער וועג, מיר זאָלן געזונטערהייט קומען אין דאָס הייליקע לאַנד „אַראַץ איזראַעל" און דאָס לאַנד קושן פון זייער־וועגן.

די שיף האָט אונדז אָפּגעריסן איינע פון די אַנדערע. לאַנג, לאַנג האָבן מיר נאָך געפּאַכט מיט אונדזערע טיכלעך און היט, ביז וואַנען די פינטעלעך פון די שיפלעך און מענטשישע קעפּ אין זיי זיינען פון אונדז אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן.

---

פאָרנדיק פון אַדען, האָבן מיר זיך אויפן דריטן טאָג אָפּגעשטעלט אין אַפריקאַנישן פּאָרט מאַסאַוואַ, אין דער פּראָווינץ עריטרייע, זייער נאָענט צו עטיאָפּיע. מאַסאַוואַ געפינט זיך שוין אין איטאַליענישע הענט און דאָ האָבן שוין איטאַליענער רעווידירט אונדזערע פּעסער. ניט קוקנדיק, וואָס עס איז נאָך געווען פרילינג־צייט, האָט די זון געברענט אַזוי, אַז ס'איז געווען אַבסאָלוט אוממעגלעך צו גיין. דאָך קען מען ניט איינזיצן אויף דער שיף, נאָך מער, אַז מיר זיינען דעם ערשטן מאָל אויפן באָדן פון אַפריקע. איך בין אַראָפּ אָנקוקן די איטאַליענישע שטאָט אין אַפריקע. איך האָב אַ לאַנגע צייט געשפּאַצירט איבער די גאַסן פון דער טויטער שטאָט. איך האָב אויפן וועג קיינעם ניט געזען, קיינעם ניט באַגעגנט. (דערנאָך האָב איך פאַרשטאַנען, אַז בייטאָג ווערט צוליב די היצן אין שטאָט כמעט קיין ארבעט ניט געטאָן; נאָר ווען די זון הייבט שוין אָן ארונטער־צוגיין, הייבט זיך אָן דאָס לעבן).

שפּאַצירנדיק און באַטראַכטנדיק די שטאָט, האָב איך דערהערט פון דער ווייטנס אַ געשריי פון קינדער, און וואָס מער איך האָב זיך דערנענטערט, איז דאָס געשריי מיר פאָרגעקומען אַלץ שטאַרקער, ווילדער, ווי פון שאָף, וועלכע מע פירט שעכטן. איך בין צוגעגאַנגען צו דער הייזל, פון וואַנעט דאָס ווילדע געשריי האָט זיך געטראָגן, און איך האָב דערזען א 20 קינדער פון ארום 9 יאָר, וועלכע זיינען געזעסן אויף דער ערד מיט די באָרוועסע פיס אונטער זיך. אויפן קאָפּ האָבן זיי געטראָגן פעסקעס. די קינדער זיינען געווען איינגעטיילט אין גרופּעס, און יעדע גרופּע האָט געהאַלטן עפּעס אַ גרויסן דיקן בוך און געשריען אויף וואָס די וועלט שטייט. אין

מיטן איז געשטאַנען אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, וועלכער האָט אויך געשריען. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ לאַנגן כוואַשטש און מיט אים געאַרבעט רעכטס און לינקס איבער די פּנימער פון די קינדער. מיר איז איינגעפאַלן, אַז דאָס איז אַ אידישער חדר, און איך האָב אים געפרעגט, מער מיט מימיק ווי מיטן מויל, צי דאָס זיינען אידישע קינדער.

— ניין — האָט ער געענטפערט — דאָס זיינען מאַכמעדאַנער.

— וואָס לערנען זיי ?

זיי לערנען דעם קאָראַן, און ער איז דער לערער.

— איז דאָ פאַראַן אַ אידישער חדר אויך ? — האָב איך געפרעגט.

— יע. און ער האָט אָנגעוויזן די געגנט, וואו די אידן וואוינען. און גייענדיק אויף דעם אָנגעוויזענעם פּלאַץ, האָב איך זיך טאַקע אָנגעשטויסן אויף אַ אידישן חדר.

אַקוראַט דאָס זעלבע בילד; די קינדער, האַלב נאַקעטע, זיינען געזעסן אויף דער ערד ארום זייער מלמד, אויך אַ יונגנמאַן פון עטלאכע און צוואַנציק יאָר. אין זייערע הענט האָבן זיי געהאַלטן חומשים, און זיי האָבן אומרחמנותדיק געשריען. דער מלמד האָט אויך געהאַלטן אַ כוואַשטש, געאַרבעט רעכטס און לינקס איבער די קינדערשע פּנימער.

די קינדער האָבן געשריען, געוויינט און געלערנט די פּסוקים פון די הייליקע שריפטן.

אי דער מלמד, אי די קינדער האָבן געטראָגן לאַנגע געקרייזלטע פּאות. פּאַר אַלע קינדער, אַרום צוואַנציק אין צאָל, איז געווען ניט מער ווי אַ 2-3 חומשים, און די קינדער האָבן געמוזט צו 6-7 אריינקוקן אין איין ספר. און טאַקע מאָדנע האָבן זיי דאָס אויסגעמאַרקירט. מע קוקט אריין אין חומש פון רעכטס, לינקס, פון אויבן און פון אונטן.

איך בין דורכגעגאַנגען די אידישע געגנט. אַ סך אָרעמער, אָפּגעלאָזענער ווי די מאַכמעדאַנישע. מאָדנע הייזלעך אין זייער אַרכיטעקטור, קליינקייט, שמאָלקייט, באַשיידנקייט און באַהאַלטנקייט. עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז די הייזלעך האָבן מורא דעם רוקן אויסצוגלייכן ווי עס באַדאַרף צו זיין, מע זאָל זיי ניט באַמערקן.

ווען איך בין געקומען צוריק אויף דער שיף, האָב איך באַמערקט, אַז אונדזער גרופּע פּירט אָן אַן אינטערעסאַנטן שמועס: ווידער תימנער אידן. זיי האָבן זיך דאָ אויך דערוואוסט וועגן אונדז און זיינען געקומען צוזאַמען מיט זייערע אָנגעזעענסטע פאָרשטייער צו אונדז אין געסט. זיי האָבן פון צייט צו צייט געוואָרפן אויגן אויף אונדזערע האָר, היט, רעקלעך, געפּרעסטע העמדער און קראַגנס. פאַר זיי איז, קענטיק, אויך געווען אַ נייס צו זען אידן אין אייראָפּעישער קליידונג.

און עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די זעלבע מעשה ווי אין אַדען, גאָר פון דאָס ניי. זיי האָבן דערציילט וועגן זייער לעבן, זייער שווערן אַרבעטער-לעבן, זייער אָרעמקייט, אומבאַהאָלפנקייט, זייער שטאַרקן ווילן צו עמיגרירן קיין ארץ-ישראל; זיי האָבן אונדז דער־ציילט וועגן די גרויסע צרות, וואָס זיי שטייען אויס פון די שוואַרצע, וועלכע דערלאָזן זיי ניט אַ קאָפּ אויפצוהויבן, ווי זיי זיינען כמעט פאַרקנעכט צו זיי. און דאָך, האָבן זיי פאַרענדיקט, איז זיי דאָ אַ סך בעסער, ווי אין זייער היימלאַנד תימן. די איטאַליענער דערלאָזן ניט די אַראַבער אַזוי איזדיעקעווען זיך איבער די אידן, ווי אין תימן. צווישן אַנדערעס האָבן זיי אויך מיטגעטיילט, אַז דאָ אין מאַסאַוואַ געפינען זיך אמתע שוואַרצע אידן-פאַלאַשן, וועלכע זיינען געקומען פון דער שכנישער עטיאָפּיע. זיי, די פאַלאַשן, זיינען גאָר ווייניק באַ־האַוונט אין אידישקייט, ריידן אויף אַן אייגענעם אַביסינישן זשאַרגאָן, אין וועלכן עס טרעפן זיך אָפּט העברעאישע ווערטער. זיי אונטער־שיידן זיך מיט גאָרניט, אויסער מיט דער רעליגיע, פון די נעגערס. זיי זיינען פולבלוטיקע נעגערס. מע קען זיי אפילו ניט דערקענען. די תימנער אידן טרעפן זיך מיט זיי זייער זעלטן.

די תימנער אידן האָבן אונדז איינגעלאַדן צו זיין זייערע געסט בײַ זיי אין שול, וואו זיי וועלן מאַכן פאַר אונדז אַ סעודה.

אין אייניקע טעג שפּעטער האָבן מיר געדאַרפט פאַרלאָזן מאַסאַוואַ און מיט טרערן אין די אויגן האָבן זיי זיך מיט אונדז געזעגנט, געוואונטשן אונדז אַ גליקלעכע רייזע, אַ קוש טאָן דאָס הייליקע לאַנד פאַר זיי, און... אַך, ווען זיי וואָלטן אויך געקענט פאָרן, נאָר גאָט וויל ניט...

---

איך האָב זיך אויך געטראָפן מיט די תימנער אידן אין ארץ־ישראל. זייער עמיגרירן קיין ארץ־ישראל טראָגט אַ רירנד ראָמאַנטישן כאַראַקטער. ארץ־ישראל איז דאָס לאַנד פון זייערע שענסטע טרוימען, פון זייער העכסטער באַגייסטערונג. פאַר דעם געדאַנק, פאַר דער אידייע צו פאָרן קיין ארץ־ישראל זיינען זיי גרייט מיט אַלץ מקריב צו זיין.

די ערשטע גרופן זייערע פלעגן גיין, פשוט גיין קיין ארץ־ישראל חדשים לאַנג. אַ סך קברים האָבן זיי איבערגעלאָזן אויפן וועג. גאָר אַ קליי‌ניקייט — דורכגיין די וויסטע מדבריות פון אַראַבישן האַלב־אינדזל ביז די ברעגעס פון מיטללענדישן ים...

אין די 80קער יאָרן, ווען עס איז אַנטשטאַנען די חובבי־ציון, די ביל״ו, האָבן זיך אָנגעהויבן באַ זיי טראָגן קלאַנגען וועגן אַ משיח, אַז ארץ־ישראל גייט איבער אין אידישע הענט . . . אַז אָט־אָט און מע הויבט אָן אויפצובויען אַ נייעם בית־המקדש. אַן אומרואיקייט האָט אַרומגענומען די תימנער אידן. די פאַנטאַזיע האָט זיך צעהיצט, און די ערשטע גרופע תימנער, אַן ערך אַ 40 פאַמיליעס, האָט אַרויסגעוואַנדערט, אָדער בעסער געזאָגט, איז אַרויסגעגאַנגען. פאַרשטייט זיך, אַז קיין משיח האָבן זיי ניט געפונען. דאָס לאַנד האָבן זיי געטראָפן פוסט און וויסט, אויפן העכסטן גראַד פאַרלאָזן. און אויב עפּעס האָט יאָ עמיצן באַלאַנגט, האָט דאָס באַלאַנגט צו די אַראַבער. און די גאַנצע באַלעבאַטים איבערן לאַנד זיינען געווען די טערקן. ניט האָבנדיק קיין צעבראָכענעם שילינגער, זיינען זיי אַרוים פשוט קלייבן נדבות. אמת, זיי האָבן געבראַכט מיט זיך אַלטע מאַנוסקריפּטן, זעלטענע ספרים, אַלטע ספרי־תורות, נאָר עס האָבן זיך שוין געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן אויסגענאַרט ביי זיי די ווערטפולע ספרים. די אויסנאַרער האָבן דאָס פאַרקויפט אין לאַנדאָן צו מוזעאומס און זיינען רייך געוואָרן, און זיי, די אומגליקלעכע תימנער אידן, זיינען פאַרבליבן די זעלביקע קבצנים. דאָס האָט ביי זיי אויך זייער מוט און און גלויבן ניט געדרויבט. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן איינצואָרדנען, האָבן זיך געבויט הייזלעך פון בלעך, וואָס זיי פלעגן צונויפקלייבן, מערסטנס פון נאַפט־קעסטלעך ; זיי פלעגן שלאָפן אויף ראָגאָזשעס, אונטערן קאָפּ — שמאַטעס ; פלעגן הייצן די אויוונס מיט

שמוץ פון בהמות. זיי האָבן אויפֿן העכסטן גראַד געליטן. דאָך, מיט דער צייט, האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן צו זיין די בעסטע אַר־בעטער און באַלמעלאָכעס און אַלם מענטשן, וואָס פּאַסן זיך אַמ־בעסטן צו צו די נייע באַדינגונגען און שווערסטער אַרבעט. אין ירושלים, וואו זיי האָבן זיך צו יענער צייט געפונען, איז געוואָרן אַ גרויסע פֿאָדערונג אויף די תימנער אַרבעטער פֿאַר די נייע הייזער. זיי טראָגן שווערע פּעק, האַקן שטיינער א. ד. גל. לעבנ־דיק העכסט שפּאָרזאַם, האָבנדיק די מינימאַלסטע באַדערפֿעניש. האָבן אייניקע פון זיי מיט דער הילף פון אייניקע אָרגאַניזאַציעס און רייכע אידן זיך גאַנץ פיין איינגעאָרדנט: אויסגעבויט זיך מויער־לעך מיט מאָדערנע פענצטער, אַריינגענומען אין שטוב מעבל און נעגרינדעט די ערשטע תימנער שכונה — די „כפר השילוח”. און זיי זיינען באַגליקט געוואָרן אין דאָס הייליקע לאַנד.

פון דעם האָט מען זיך דערוואוסט אין זייער אַלטער היים תימן, און עס האָבן אָנגעהויבן צו קומען נייע פּאַרטיעס פון תימנער. עס פלעגט נעמען יאָרן, ביז וואַנען די נייע תימנער פלעגן זיך ווי־עס־איז איינאָרדנען אין דעם נייעם לאַנד, נאָר זיי פלעגן עס אַלץ אָנ־נעמען פאַר גוט און געדולדיק איבערטראָגן די אַלע צרות און ליידן.

מיט העכער 25 יאָר צוריק איז פּאָרגעקומען אַ נייס אין זיי־ער לעבן. מע האָט זיי אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן אין די אידישע קאָלאָניעס פאַר די פעלדער, וויינגערטנער, שטאַלן, און די פרויען — פאַר הויז־אַרבעט. זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר דעם בעסטן עלעמענט אין דער בויאונגס־אַרבעט און אין דער קאָנקורענץ מיט אַראַבישער אַרבעט. די ערשטע צו באַשעפטיקן זיי אויף דעם גע־ביט זיינען געווען די קאָלאָניסטן פון רחובות. די תימנער זיינען צוגעוואוינט צו דער שווערסטער אַרבעט, ציילן ניט די שעהן פון זייער אַרבעט; זיי ווייסן, אַז זיי דאַרפן אַרבעטן פון זונאויפגאַנג ביזן זונאונטערגאַנג; זיי האָבן די קלענסטע פֿאָדערונגען, זיינען קליינע פֿאַרברויכער, באַנוגענען זיך מיט אַ מינימאַלסטן לוין און זיינען אפילו העכסט דאַנקבאַר פאַר דעם. זיי ווייסן ניט פון קיין אַרבעטער־פראַגע, זיינען ניט קלאַסן־באַוואוסטזיניק, האָבן קיין באַ־גריף ניט פון קלאַסנקאַמף. קען דען זיין אַן אידעאַלערער עלעמענט אַרבעטער פאַר דעם עקספּלאָאַטאַטאָרישן קאָלאָניסט? דעם ביי־

שפּיל פון רחובות האָבן נאָכגעטאָן אַ סך אַנדערע קאָלאָניעס און עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז עס פלעגן זיין ציַיטן, ווען אַלע תימנער זיינען געווען באַשעפטיקט, און מע האָט פאַר קיין געלט ניט געקענט קריגן קיין תימנער אַרבעטער. און אַלע האָבן ביי זיי געאַרבעט: אַלט און יונג, פרויען און מענער און אפילו די קליי־נינקע, דאַרינקע קינדערלעך. זיי האָבן געקליבן „געלט", האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט אויף הייזלעך, שטיקלעך פעלד און אייגענע ווירט־שאַפט.

מיט די תימנער אַרבעטער האָבן זיך פאַראינטערעסירט די ערשטע אידישע אַרבעטער אידעאַליסטן נאָך לאַנג פאַר דער וועלט־מלחמה. זיי האָבן געקעמפט דערפאַר, אַז אין די אידישע קאָלאָניעס ביי ערד־אַרבעט און אין די שטעט באַ די פאַרשיידענע אידישע אונטערנעמונגען, זאָלן זיין באַשעפטיקט בלויז אידישע אַרבעטער.

דער הויפּט עלעמענט פון די אשכנאזישע אַרבעטער איז באַ־שטאַנען מערסטנס פון דער אידעאַליסטישער אינטעליגענץ פון רוסלאַנד, פּוילן, גאַליציע, רומעניע, וועלכער האָט ניט געקענט, באַם בעסטן און שאַרפסטן ווילן, קאָנקורירן מיטן אַראַבישן אַר־בעטער, ניט פיזיש, ניט עקאָנאָמיש, ווייל ער איז געווען שוואַכער פון אַראַבער און האָט געהאַט אויך גרעסערע באַדערפעגישן ווי דער אַראַבישער אַרבעטער און זיין לוין האָט דערפאַר געמוזט זיין אַ הע־כערער. דערצו זיינען די אידישע קאָלאָניסטן און די שטאָטישע אונטערנעמער געווען אין כעס אויף די אידישע אַרבעטער פאַר־וואָס זיי זיינען רעוואָלוציאָנער, פאַרוואָס זיי האָבן געגרינדעט אַרבעטער פאַרטייען אין לאַנד, פאַרוואָס זיי אָרגאַניזירן זיך פראָ־פעסיאָנעל. דערצו זיינען זיי ניט פרום און אפילו אפיקורסים. די אידישע קאָלאָניסטן אין די דערפער און די אידישע אונטערנע־מער אין די שטעט האָבן באַשעפטיקט בלויז אַראַבישע אַרבעטער פשוט דערפאַר, ווייל זיי זיינען געווען רואיקער און האָבן געאַרבעט ווי אמתע שקלאַפן, און האָבן ניט אַרויסגעשטעלט אָרגאַניזירטער־הייט קיין פאָדערונגען.

דער איינציקער עלעמענט, וואָס וואָלט יאָ געקענט קאָנקורירן מיט אַראַבישן אַרבעטער אין ארץ ישראל און געפינען לייטזעליקייט אין די אויגן פון דעם אידישן עקספּלואַטאַטאָר אין דאָרף און אין

שטאָט, איז געווען דער תימנער אידישער אַרבעטער, וועלכער, אין זיינע באַדערפענישן, איז אַוועק ניט ווייטער פון אַראַבישן אַרבע־טער און איז אַזוי שקלאַפיש ווי דער אַראַבער.

און די אשכנזישע אידישע אַרבעטער אין זייער גרויסן אי־דעאַליזם אין קאַמף פאַר אידישער אַרבעט און אידישע אַרבעטער פּאָזיציעס, האָבן פאַרבויגן די פראַגע וועגן אַרבעט און ברויט פאַר זיך אַליין און האָבן אָנגעהויבן צו שטופן די ניי־געקומענע תימנער אידן אַלס אַרבעטער אין די קאָלאָניעס און אין די שטעט. צו דער זעלביקער צייט האָבן זיי אָנגעהויבן אַביסל אויסמענטשלען, אייראָ־פּייאיזירן די תימנער אידישע אַרבעטער — באַקענען זיי מיטן א"ב פון דער אַרבעטער באַוועגונג, באַקענען זיי מיט עלעמענטאַרע באַ־גריפן פון קלאַסן־קאַמף.

און דאָ מוז אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אין דעם פּראָצעס פון איינאָרדנען די תימנער אַרבעטער אין ארץ־ישראל האָבן זיי די בעסטע, איבערגעבנסטע פריינט געפונען נאָר צווישן די אַשכנזישע אַרבעטער, וועלכע זיינען מיט לייב און לעבן געווען פאַר די אינ־טערעסן פון די תימנער אַרבעטער אין דער צייט, ווען די אידישע קאָלאָניסטן האָבן זיך באַנוצט מיט זייער אומבאַהאָלפענער לאַגע, געזוכט וואָס מער זיי אויסצונוצן, עקספּלאָאַטירן און זיינען זיך באַ־גאַנגען מיט זיי ווי פּלאַנטאַטאָרס מיט זייערע שקלאַפן.

דער משרד ארץ־ישראל, זעענדיק, אַז עס פעלן אוים תימנער הענט, אַז די פאָדערונג אויף זיי איז אַ גרויסע, האָט געשיקט אַ פאָרשטייער קיין תימן, וועלכער איז דאָרט אומגעפאָרן איבער זיי־ערע שטעט און שטעטלעך און פאָרגעלייגט, זיי זאָלן פאָרן קיין ארץ־ישראל. אויף זיין רוף האָבן זיך 1200 תימנער אידן אַ לאָז געטאָן אין דעם הייליקן לאַנד, און פון דאָן אָן הייבן זיך אָן גרינדן אין ארץ־ישראל תימנער קהילות אין די פאַרשיידענע שטעט און קאָלאָניעס און פון יענער צייט אָן איז געוואָרן אַ רעגולערע עמיג־ראַציע פון תימנער אידן קיין ארץ־ישראל, וועלכע האָט זיך אָפּגע־שטעלט נאָר אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה. אָבער גלייך נאָך דער מלחמה האָט זיך די עמיגראַציע פון תימנער אידן קיין ארץ־ישראל ווידער אָנגעהויבן מיט אַ שנעלערן טעמפּ.

אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן זיי אַ סך געליטן. מע האָט זיי אָפּגעריסן פון דעם לאַנד און יאָרן־לאַנג האָבן זיי זיך געמוזט וואַלגערן אונטער דער אויפזיכט פון פּאָליציי און מיליטער אין מצרים. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט זיך זייער שלעכט אָפּגערופן אויף זייער דורך בלוט און שוויים דערוואָרבענער באַלעבאַטישקייט. אַ סך פון זיי, צוריקקומענדיק נאָך דער מלחמה קיין ארץ־ישראל, האָבן געמוזט אָנהויבן איינאָרדנען זיך אויף דאָס־ניי.

די תימנער אידן זיינען דער בעסטער צוגעפּאַסטער עלעמענט פאַר ארץ־ישראל. דער קלימאַט אין פּאַלעסטינע איז דער זעלבער ווי אין תימן, און זיי דאַרפן זיך ניט אַקלימאַטיזירן און ניט דורכ־מאַכן די פאַרשיידענע קרענק, וואָס אונדזערע אידן מאַכן דורך די ערשטע צייט, ווען זיי קומען קיין ארץ־ישראל. אויסער דעם באַזיצן זיי די ביידע הערשנדיקע שפּראַכן אין לאַנד: אי אַראַביש, אי העברייאיש. זיי קענען גוט די אַראַבער און ווייסן, ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט זיי און הויפּטזעכלעך — זיי זיינען שווערע אַרבעטער, ווייסן ווי אָנצוגיין מיט דער אַרבעט, זיינען גוטע אַרבעטער אי אין שטאָט, אין אין די קאָלאָניעס. אָפּהונגערנדיק דעם גאַנצן לעבן אין תימן, זייענדיק אונטערדריקט און באַליידיקט אין תימן אויפן העכסטן גראַד, זעען זיי אין פּאַלעסטינע אַן אמתן גן־עדן.

---

די ערשטע זעקס חדשים פון מיין זיין אין ארץ־ישראל איז מיר אויסגעקומען צו וואוינען אין תימנער געגנט, און טאָקע בא אַ תימנער אידן, וועלכן מע האָט גערופן דוד (מיטן טראָפּ אויפן „ו״). דער איד האָט מיט מיר אויסגערעדט, אַז איך זאָל פאַר קיין פאַל ניט מאַכן פייער אום שבת, און ער האָט עס טאָקע אויסדריקלעך אריינ־געשריבן אין קאָנטראַקט. זיין פאַמיליע איז באַשטאַנען פון אים, זיין פרוי סאַראַ (פון אַ גרויסן יחוס — זי האָט געשטאַמט פון די ווייסע אידן) און אַ 9 יאָריקן אינגל מאיר (מיטן טראָפּ אויפן „א״). מיין באַלעבאָס איז געווען אַ העכסט אַרבעטזאַמער איד. ער פלעגט אויפשטיין 5 אַזייגער אין דער פרי, גיין דאַוונען, דערנאָך אַ ביסל לערנען און אַרום 6 עפענען זיין שפּייז־קרעמל און פלעגט אָפּ־זיצן דאָרטן ביז אַזייגער 9 אין אָוונט. אויסער דעם קראָם האָט ער נאָך צוגעהאַנדלט מיט העלצלעך און ווייכע קוילן. איך האָב אים

קיינמאָל ניט געזען זיצנדיק מיט פאַרלייגטע הענט. אַלעמאָל האָט ער וואָס־עס־איז געטאָן; דאָ געאַרבעט מיט דער זעג, דאָ מיט אַ האַק און האַמער, דאָ פאַריכט דעם צוים אַרום זיין הויז, דאָ געאַרבעט מיט זיין גראַב־אייזן, דאָ געפּאַרקעט זיך אין זיין קליינעם גערטל, דאָ געאַרבעט אַרום זיינע הייזער.

ער האָט פאַרנומען אַ הויז, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פאַר־הויז, אַ גרויסן צימער און זיין קראַם. איך האָב געוואוינט אין דעם צווייטן הויז, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שלאָפצימער, קיך און וועראַנדע. ער פלעגט זיך אָפט פאַר מיר באַרימען, אַז די הייזער האָט ער אַליין געבויט. איצט פלאַנעוועט ער צו בויען נאָך אַ הויז, שוין אַ גרויסע: פון פיר באַקוועמע גרויסע צימערן.

אין אָוונט, נאָך ניין, פלעגט ער אַלעמאָל אַרויסטראָגן פון שטוב אַ שטול, זיין נאַרגילע, זיך גאַנץ געמיטלעך אַוועקזעצן, מעשה פריץ, און ער פלעגט אַזוי רויכערן אַרום אַ שעה צייט און דאַן פלעגט ער ווערן אָפנהאַרציק רעדעוודיק, האָט ליב געהאַט צו דערציילן מעשות פון זיין היים — פון תימן, פון דעם דאָרטיקן לעבן, פון זיין קינדהייט. דערנאָך האָט ער ליב געהאַט צו דערציילן וועגן דער וועלט־מלחמה, ווי מען האָט אים אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט אין קאָנצענטראַציע לאַגער אין קאַאיראָ. און ווען ער רעדט וועגן קאַאיראָ — וועגן דער גרויסער, רייכער וועלטשטאָט און וועלט האַפן און ווי אידן האָבן דאָרט אַ סך פרנסה און לעבן רייך, — צינדן זיך באַ אים אָן די אויגן פון די גליקן און וואונדער, וואָס מען קען דאָרטן זען אויף יעדן שריט און טריט. נאָך מער פון אַלץ האָט ער ליב צו דערציילן, ווי ער און אַ סך אַנדערע תימנער אידן זיינען געגאַנגען פון תימן אין דאָס הייליקע לאַנד.

נאָר איין חסרון האָט ער געהאַט: ער האָט זיך באַצויגן צו זיין ווייב גאָר ניט איידל. ער פלעגט איר אַלעמאָל שלאָגן און זי פלעגט אויפהויבן אַזאַ געשריי, אַז אַלע שכנים פלעגן זיך צונויפלויפן. איך האָב אים אויף דעם אַ פּאָר מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז עס פּאַסט ניט פאַר אים, אַן ארץ־ישראלדיקן באַלעבאָס, צו זיין ביי אַלע־מען אין די מיילער, אַז אַלע זאָלן לאַכן פון אים. ער האָט זיך רעכט־פאַרטיקט מיט דעם, וואָס זי איז שוין שוואַך און קראַנק, געוואָרן זייער אַלט און ניט קוקנדיק אויף דעם, דערלאָזט זי אים ניט צו

קויפן זיך נאָך אַ פרוי, אין וועלכער ער נויטיקט זיך זייער שטאַרק. און ער האָט דאָך פולע רעכט צו קויפן זיך נאָך אַ פרוי. ער פאַר־מעגט צוויי הייזער, האָט אַ גוטן געשעפט און האָט אַ סך פונטן אין מזומן. דערפאַר איז ער אויף איר זייער אין כעס און אויף דעם באָדן קומען ביי זיי פאַר די אָפטע קריגערייען און געשלעגן.

איינמאָל נאָך אַ גרויסן סקאַנדאַל מיט זיין פרוי מיט דעם געוויינלעכן פינאַל זיינען זיי ביידע אַריין צו מיר, איך זאָל אויסהערן זייערע טענות. ער דערציילט מיר, אַז ער איז נאָך גאָר אַ יונגער מאַן, אין גאַנצן 34 יאָר אַלט, איז געזונט און שטאַרק. זיין פרוי איז שוין אַלט און צובראָכן, פאַסט זיך גאָר ניט צו אים. אויסער דעם דאַרף ער האָבן נאָך אַ מענטשן בא זיך אין קראָם, כדי ער זאָל קענען האַנדלען אין גאַס. און אָט די אַרבעט וועט קענען טאָן זיין צווייטע פרוי און די אַלטע פרוי וועט האָבן גענוג אַרבעט אין שטוב און אַרום שטוב. און זי, די מרשעת, לאָזט אים ניט אַריינגעמען נאָך אַ פרוי אין זיין שטוב.

זי, פון איר זייט, האָט אַנדערע טענות. זי איז ניט קיין אַלטע. אין גאַנצן איז זי אַלט 32 יאָר. דאָס האָט ער איר גע־מאַכט קראַנק און שוואַך. זי האָט די גאַנצע צייט שווער און בי־טער געאַרבעט און וואָס האָט זי פון אים געהאַט אויסער די קלעפּ, מיט וועלכע ער פלעגט איר כמעט אַלע אָוונט איינטיילן ? אויסער דעם, איז זי ניט קיין תימנער, נאָר אַ ווייסע, און בא זיי איז ניט איינגעפירט, אַז אַ מאַן זאָל נעמען נאָך אַ פרוי אין שטוב, און אויב ער דאַרף אימיצן האָבן פאַר דער קראָם, וועט זי קענען אַביסל אָפּרייסן זיך פון שטוב און אים אין קראָם אויך אַרויסהעלפן און זי וועט פאַר קיין פאַל ניט דערלאָזן אַריינגעמען נאָך אַ פרוי אין שטוב.

ער ווערט שטאַרק אויפגערעגט און כאַפּט זיך צו איר שלאָגן. איך האַלט אים אָפּ.

איך האָב זיי ביידן געראַטן, זיי זאָלן זיך ווענדן צום תימנער רב.

מיט איניגע טעג שפּעטער האָט זי מיט אַ גרויסע שמחה דערציילט, אַז איר מאַן האָט געגעבן דעם רב אַ האַנט מיט אַ שבועה, אַז ער וועט איצט ניט אַריינגעמען נאָך אַ פרוי אין שטוב.

די תימנער, וואָס האָבן געוואוינט אַרום מיר, זיינען שוין אין לאַנד אַ לענגערע צייט, שוין אַ יאָר 10־15. אַ קליינער טייל איז

געוועז פון די ניט לאַנג אָנגעקומענע. זיי האָבן זיך פאַרהעלטנים־מעסיק ניט שלעכט איינגעאָרדענט: די גרעסטע טייל פון זיי האָט געאַרבעט, אַנדערע האָבן זיך פאַרנומען מיט קליין־געשעפט, געהאַט זייערע אייגענע הייזער, פאַרדינט באַ דער אַרבעט ניט שלעכט, צוגע־בויט נייע הייזער, געעפנט געשעפטן, קרעמלעך, געהאַנדלט אין מאַרק און זיינען אין אַלגעמיין געווען פייאיק צו פאַרדינען אַ פּיאַסטער, גע־לעבט זייער עקאָנאָמיש און געווען זייער שפּאָרזאַם. און טאַקע פאַר דער צייט, וואָס איך האָב געוואוינט צווישן זיי, האָט זיך זייער געגנט אינגאַנצן געביטן. זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן די אַלטע, מישטיינס גע־זאַגט, הייזער, געבויט נייע מיט אַ מאָדערנעם אויסזען, אויסגעגלייכט די גאַסן, אויסגענוצט יעדע שטיקל לאַנד צו האָבן אַ קליין סעדל, אַ גאָרטן און דער געגנט איז געוואָרן אַ סך שענער.

נאָר די גרעסטע צאָל תימנער וואוינען אין די קאָלאָניעס; זיי אַרבעטן פאַר די קאָלאָניסטן, שפּאָרן געלט אויף צו קריגן אַליין אַ שטיקל לאַנד און ווירטשאַפט. אַ סך פון זיי זיינען שוין גוט איינ־געאָרדנט, האָבן זייערע שטיקלעך לאַנד און אייגענע הייזער און זיינען גליקלעך, וואָס זיי באַאַרבעטן דעם הייליקן באָדן, וואָס זיי טראָגן צו זייער חלק צו דער אויפבויאונג פונם לאַנד.

לעבנדיק זייט באַ זייט מיט אונדזערע אידן, אַרבעטנדיק זייט באַ זייט מיט אונדזערע אַרבעטער, ציוויליזירן זיי זיך ביסלעכווייז: לייענען אונדזערע צייטונגען, אונדזערע ביכער, טוען אָן אויף זיך אייראָפּייאישע קליידער. אַנדערע קריגן אפילו אַ מאָדערנע ביל־דונג. מיט דעם אַליין וואַקסן זייערע באַדערפענישן און פאָדערונגען פון לעבן. די יוגנט קריגט אַן אַלגעמיין מאָדערנע דערציאונג. די תימנער פרוי איז באַפרייט געוואָרן פון איר געפענקעניש־לעבן. זי גייט אַרוים פריי פון הויז, פאַרברענגט, אַרבעט אין פרעמדע הייזער, האַנדלט אין מאַרק און זיצט אין קראָם. די מיידלעך אַרבעטן אויף די פעלדער, אין שעפער אָדער טוען באַ פרעמדע הויז־אַרבעט. די צרה איז, וואָס די מיידלעך האָבן צו פרי חתונה. אַנדערע צו 12־11 יאָר, און עס איז ניט זעלטן צו טרעפן אַ 14־יאָריקע מאַמע מיט אַ קינד אויף דער האַנט.

אין אַלגעמיין זיינען די תימנער מיידלעך זייער שיין, כאָטש מערסטנטייל נידעריק און דאַר, אַ טונקעלע געזיכט, מיט שיינע גע־

זיכט־שטריכן, מיט פעך־שוואַרצע האָר, וואונדערבאַר־שיינע, גרויסע, שוואַרצע אויגן. אויפן געזיכט איז אויסגעגאָסן עפּעס אַן אינטעלי־גענץ, אַן אַריסטאָקראַטיזם פון אַן אַלט־אַלטן פאָלק. אפילו זייער שעמעוודיקייט, צוריקגעהאַלטנקייט גיט זיי צו חן.

ווען די תימנער זיינען אַ לענגערע צייט אין פּאַלעסטינע, איז זיי גאָר ניט צו דערקענען. זייער געפאַלנקייט ווערט פאַרשוואונדן, און מיר זעען פאַר זיך אַ נייעם טיפּ אידן — מיט שטאָלץ, זעלבסטווירדע. זיי האַלטן זיך פאַר גלייכע מיטגלידער פון דער גרויסער אידישער משפּחה, לאָזן זיך פאַר קיין פאַל ניט באַליידיקן און באַם קלענסטן דרוק ווייזן זיי אַרוים אַ פּראָטעסט. די פעלד־ און שטאָט־אַרבעטער טרעטן אַריין אין די אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציעס און ווערן שטאָלצע אַרבעטער.

ארץ ישראל, אפילו באַ דעם האַרטן קאַמף, וואָס די תימנער פירן אָן, כדי זיך איינצואָרדנען אין לאַנד, איז פאַר זיי אַ גן־עדן, און זיי דערציילן טאַקע, אַז זיי קריגן אָפט בריוו פון זייערע קרובים, נאָ־ענטע, באַקאַנטע פון תימן מיט האַרצרייסנדע בקשות, אַז זיי זאָלן זיך דערבאַרעמען איבער זיי און אַרויסנעמען זיי פון דאָרטן. נאָר ווי קענען זיי עס טאָן?

אין די בריוו קלאָגן זיך זייערע קרובים אויף דער אומדער־טרעגלעכער לאַגע אין תימן, וואו יעדן טאָג קומען צו נייע גזירות אויף אידן, וואו זיי ווערן אויפן העכסטן גראַד באַליידיקט, דערני־דעריקט, פאַרפאָלגט און זיי בעטן פשוט מען זאָל זיי ראַטעווען פון דעם גיהנום תימן, און אויב מען וועט זיי ניט ראַטעווען פון דעם ערגסטן, שענדלעכסטן גלות תימן, וועלן זיי אין גיכן אין גאַנצן אונטערגיין.

און עס ברענט אין די הערצער פון אַלע תימנער אידן דער פייערדיקער פאַרלאַנג צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון אומגליקן, פּיין, יסורים, פאַרצווייפלונג — דעם יאָמער־טאָל תימן און קומען אין דעם הייליקן לאַנד.

# די אידן אין כינע

(פון מיין רייזע אַרום דער וועלט)



1

אַ סך לעגענדעס זיינען געווען פאַרשפּרייט ביי אונז וועגן אידן־כינעזער. מען האָט דערציילט, אַז אין כינע זיינען פאַראַן מיליאָנען אידן, אַז דאָרט לעבן די פאַרשוואונדענע צען שבטים, אנדערע האָבן דערציילט, אַז די אידן אין כינע שפּילן אַ דאָמינירנדע ראָלע אין כינעזישן עפנטלעכן, פּאָליטישן און האַנדלס לעבן און פאַרנעמען גרויסע שטעלעס בא דער רעגירונג. די לעגענדעס האָבן מיך שטאַרק פאַראינטערעסירט און איך האָב אַלעמאָל געחלומט צו זיין אין כינע און באַקאָנען זיך מיטן לעבן פון די אָרטיקע אידן.

און אָט האָט זיך געמאַכט, אַז אין מיין רייזע אַרום דער וועלט בין איך פאַרבליבן אויף גאַנצע פיר יאָר אין כינע. און ווי די ווירקלעכקייט אונטערשיידט זיך אלע מאָל פון דער פאַנטאַזיע!

גלייך ווי איך האָב באַטראָטן די כינעזישע טעריטאָריע, האָב איך אָנגעהויבן פאַרנאַנדערפרעגן בא די אָרטיקע אייראָפּייאישע אידן וועגן די אידן־כינעזער, צו ווייסן זיי עפּעס פון זיי, צו האָבן זיי זיך מיט זיי געטראָפן. דער ענטפער איז אַלע מאָל געווען דער זעלביקער: זיי ווייסן פון אמתע כינעזער, וואָס זיינען געוואָרן אידן — זיך מגייר געווען. אָבער פון כינעזער אידן פון אַמאָל האָבן זיי קיין אָנונג ניט. און טאַקע פאַר די ערשטע צוויי יאָר, וואָס איך האָב דורכגערייזט די געגנטן אַרום שאַנכאַי, די גירינער, מאַנדזשוריער און מאָנגאָליער פּראָווינצן, האָב איך קיינמאָל ניט געהערט פון אַזעלכע אידן. איך האָב פאַר דער צייט געטראָפן דאָרט די פאַרשיידנסטע אידן פון קליין אַזיע, פון רוסלאַנד, ענגלאַנד, אמעריקע פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך, פון פּערסיע, אינדיע, בוכאַרע. אָבער קיין אידן־כינעזער האָב איך ניט געטראָפן. פון דעם אליין האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז די מעשה וועגן מיליאָנען אידן־כינעזער איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ לעגענדע.

דאָך צום סוף פון צווייטן יאָר פון מיין זיין אין כינע האָב איך זיך צופעליק געטראָפן מיט איינעם, וועלכער האָט געשטאַמט פון די אַמאָליקע אידן־כינעזער. איך האָב דאַן פאַרבראַכט מיט אייניקע פריינט אויף מיין זומער וואקאַציע אין יאַ־אַ־מין, אַ שטעטל אין מאַנדזשוריע, באַ דער גרויסער מזרח כינעזישער אייזנבאַן.

אין איין שיינעם טאָג איז געקומען איינער פון מיינע פריינט מיט אַ גרוים פרייד, אַז ער האָט געטראָפן אַן אמתן כינעזישן אידן אין דער שטעטל יאַ־אַ־מין. מיר, די אַנוועזנדע, האָבן אים פאַרשאָטן מיט פראַגן, נאָר דער געקומענער האָט אונז ווייניק געהאָט צו דער־ציילן וועגן זיין נייעם באַקאַנטן. און איך האָב באַשלאָסן זיך אליין מיט אים טרעפן און לויט די אַנגעגעבענע סמנים, זוכן מיין נייעם „גלויבנס־גענאָסע" און איך האָב אים טאַקע געפונען אין זיין שפּייז־קרעמל. צום באַדויערן, האָב איך פון אים גאָרנישט געקענט דערגיין. ער זאָגט, אַז ער שטאַמט פון אידן. זיינע עלטערן און אור־עלטערן זיינען געווען אידן. זיי האָבן אַלע געגלויבט אין איין גאָט (ניט ווי די כינעזער אין אַ סך געטער, גייסטער און שדים), אַז זיי פלעגן עסן ספּעציעלע אידישע פלייש, וועלכע מען פלעגט זאַלצן און אַרויסציען די אָדערן. נאָר ער אליין ווייס פון אידישקייט גאָרנישט. ער האָט אפילו ניט געוואוסט פון שבת, פון מל זיין. פון העברעאיש האָט ער יאָ געהערט ,נאָר ער האָט אויף זיין לעבן קיין העברעאישן אות ניט געזען.

לויטן אויסזען איז ער געווען אַ טיפּישער כינעזער, אַ טיפּישער מאַנגאָל. אונטערשיידט זיך מיט גאָרנישט פון זיינע שכנים כינעזער: ניט מיט זיין אויסזען, ניט מיט זיין קליידונג און ניט מיט זיין אָרט לעבן. צווישן אַ מאַסע כינעזער וואָלט איך אים פאַר קיין פאַל ניט דערקענט.

ער אַליין האָט חתונה געהאַט מיט אַ בודיסטן, האָט צוויי קינ־דער, דאָך האַלט ער זיך און זיינע קינדער פאַר אידן. אבער אויף מיין פראַגע אין וואָס באַשטייט זיין אידישקייט, האָט ער ניט גע־וואוסט וואָס צו ענטפערן.

אין דער שטעטל דזשאַ־לאַנ־טון האָב איך געהאַט אַן אַנדער פאַל. איך בין אריין אין מאַרק קויפן זיך אַ שיסל. דער כינעזער האָט

מיר דערלאַנגט אַ שיסל און אויף מיין פראַגע, וויפל קאָסט זי, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף דער הינטערשטער זייט פון שיסל און מיר געענטפערט: אַ פערטל טאַיאַן. מיך האָט פאַראינטערעסירט זען דעם צייכן פון וואַנען דער כינעזער וויים דעם פרייז. ערשט, צו מיין גרויס פאַרוואונדערונג, איז עס געווען אין העברעאיש: כ"ה. אויף מיין פראַגע, צו וויים ער, וואָס פאַר אַ בוכשטאַבן דאָס זיינען, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער וויים ניט, נאָר זיינע עלטערן און אור-עלטערן זיינען געווען סוחרים און זיי אַלע האָבן זיך באַנוצט מיט די צייכנס פאַר די פרייזן. איך עקזאַמענירט אים. ער וויים דעם גאַנצן א"ב אָבער ניט פאָנעטיש, נאָר אין זיין ציפער באַדייטונג. ער וויים, אַז „א" איז 1, אַז „י" איז 10, אַז „ק" איז 100, אָבער ער וויים ניט, וואָס פאַר אַ נעמען האָבן די בוכשטאַבן. אויף מיין פראַגע פון וואַנען האָבן גענומען זיינע עלטערן די ציפער, האָט ער מיר געענטפערט, אַז אַמאָל האָבן זיינע עלטערן געוואוינט וויים ווייט פון דאַנען, אין הארצן פון דער אונטערהימלישער מלוכה (כינע), דאָרטן זיינען זיי געווען פון דעם גלויבן פון די „אָדערן טרייבערער" (ווי די כינעזער האָבן גערופן די אידן) און די גלויביקע האָבן געוואוסט פון די ציפער. ער שטאַמט פון די גלויביקע.

אין וואָס, פרעג איך אים, איז באַשטאַנען זייער גלויבן? אויף דעם האָט ער מיר ניט געענטפערט. פון זיינע אָנדייטונגען האָב איך אַרויסגעטראָגן, אַז זיי האָבן געגלויבט אין איין גאָט, וועלכער איז אין הימל, אַז די גלויביקע האָבן מער ניט געקאָנט האָבן ווי איין ווייב, און אַז — איין טאָג אין וואָך האָבן זיי גאָרנישט געטאָן. די אָדערן טרייבערער זיינען געווען גוטע, ריינע און איידעלע מענטשן. און ער האָט מיט שטאָלץ גערעדט וועגן זיי.

איך האָב דערנאָך מיט אים א סך מאָל פאַרבראַכט און וואונדערבאַר — אַן אמתער פולבלוטיקער טיפישער כינעזער לויט דער דערציאונג, פסיכאָלאָגיע, באַגריפן, פאַטריאָטיזם. און ער אויך האלט זיך פאַר א כינעזער און פאַר אַ איד. רעליגיעז האָט ער מיט די איבעריקע כינעזער גאָר נישט וואָס צו טאָן. ווען איך האָב אים איינמאָל געפרעגט, צו עס זיינען דאָ נאָך כינעזער „אידן", האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער וויים ניט. מעגלעך אַז יע, נאָר ער טרעפט זיך מיט זיי קיינמאָל ניט. ער האָט נאָר געהערט, אַז דאָרט וויים

ווייט פון דאַנען, פון וואַנען זיינע אורעלטערן שטאַמען, זיינען דאָ
אַ סך אידן-כינעזער.

ערשט אין שאַנכאַי האָב איך זיך געטראָפן מיטן שמש פון דער
אידישער שול אין דער פראַנצויזישער קאָנצעסיע. אויך אַ כינעזער
איד פון די אַמאָליקע. ער האָט שוין יאָ געוואוסט אביסל פון אידיש-
קייט, האָט אפילו געקענט אביסל לייענען העברעאיש און געוואוסט
פון די אידישע דינים און מנהגים, נאָר ער האָט זיין אידישע „וויסנ-
שאַפט" געקראָגן ניט פון זיינע ברידער — די כינעזער אידן, נאָר שוין
פון אונדזערע אידן, פון די ספרדישע אידן. זיי האָבן אים געלערנט
און די אידישע וויסנשאפט געגעבן.

זייענדיק אין שאַנכאַי, האָב איך זיך באַקאַנט מיט אייניקע פון
אונדזערע אידן, וועלכע פאָרשן די געשיכטע פון די אידן-כינעזער
און איך האָב זיך אליין פאַראינטערעסירט מיט זייער געשיכטע.
מיר האָט זיך איינגעגעבן אויפן אָרט דורכשטודירן אייניקע זעלטענע
בראָשורן, זען זעלטענע דאָקומענטן אויך זען אַ סך בילדער, קאָפּיעס
פון פארשיידענע פאָטאָגראפיעס, און אזוי ארום האָט זיך מיר איינ-
געגעבן צו שטודירן די געשיכטע פון די אידן-כינעזער אויפן אָרט.

2

כינע, ווי באַוואוסט, איז געווען אָפּגעצאַמט פון דער איבעריקער
וועלט מיט א דיקער וואַנט. די וואַנט האָט איר אָפּגעהאַלטן איבער
צוויי טויזנט יאָר פון קומען אין באַרירונג מיט דער אויסערער וועלט
און פאר די גאַנצע צוויי טויזנט יאָר האָט זיך כינע אנטוויקלט אין
גאַנצן איינגאַרטיק אָן דער השפעה פון דער גאַנצער אויסערער וועלט.
און די גאנצע אויסערע וועלט האָט טאקע כמעט ווי גאָרנישט גע-
וואוסט וועגן כינע.

דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישן כינע מיט די אייראָפּייער
(ענגלענדער) האָט זיך פאַרענדיקט זייער טרויעריק פאר כינע: זי
האָט געמוזט, לויטן נאַנקינער שלום, עפענען אין 1842 יאָר פינף
פּאָרטן פאַרן פרעמדן האַנדל און נאָך אָפּגעבן די ענגלענדער די פּראָ-
ווינץ האָנג-קאָנג. פון דאַן אָן הויבן אָן אייראָפּייער אַריינדרינגען אין
כינע און באַקאָנען זיך אַלץ מער מיט דעם לאַנד. אמת, ניט רעגולאַר

פלעגן פאַרשיידענע רייזנדע אויך סוחרים און אוואַנטיוריסטן זיך אַריינכאַפּן אין כינע, און פון זיי האָט מען ווינציק געקאָנט דערגיין וועגן דעם לאַנד.—ערשט אין מיטן פון פאַריקן יאָרהונדערט האָבן מיר אָנגעהויבן צו קריגן אמתע אינפאָרמאַציע וועגן כינע. און באַשערט איז, אַז די מער פולע אינפאָרמאַציע וועגן די אידן כינעזער זאָלן מיר קריגן גאָר דורך די ענגלישע מיסיאָנערן. דורכן נאַנקינער שלום האָט ענגלאַנד געקראָגן דאָס רעכט אויף פרייען האַנדל., אויף אַריינפירן אָפּיום און אויף אַריינשיקן מיסיאָנערן און עפענען מיסיאָנערןהייזער. אין ענגלאַנד גופא איז גלייך געגרינדעט געוואָרן די מיסיאָנערן-געזעלשאַפט, וועלכע האָט געקראָגן פון וואָלטעטיקע ענגלישע רייכע דאַמען ריזיקע סומען און די ניי-געעפנטע מיסיעס אין האָנג-קאָנג און שאַנכאַי האָבן געקראָגן פון לאָנדאָן דעם אויפטראָג אויפצוזוכן די אידן-כינעזער, אויספאָרשן זייער לעבן, זייער גלויבן, זייערע ספרים, די געשיכטע פון דער אידישער רעליגיע אין כינע און וואָס פאַר א מיטלען קען מען אָננעמען אום צו באַקערן די אידן צום קריסטלעכן גלויבן. די ענגלישע מיסיאָנערן האָבן פאַר דעם צוועק אוועקגעשיקט א עקספּעדיציע פון צוויי כינעזער מיסיאָנערן, וועלכע האָבן פאַרלאָזן שאַנכאַי דעם 15טן נאָוועמבער 1849 און נאָך 25 טעג פון זוכן האָבן זיי געפונען די קאַי-פונג-פוער (אין דער פּראָווינץ האנאָן) כינעזיש-אידישע קהלה.

די צוויי קריסטלעכע כינעזער-מיסיאָנערן האָבן מיטגעבראַכט א העברעאישן רעקאָמענדאַציע-בריוו, וועלכן זיי האָט געגעבן אַ שאַנכאַיער איד, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער פירמע סאַסון (ששון) עט קאָמפּאַניע. דעם בריוו האָבן זיי איבערגעגעבן די פאַרשטייער פון דער קיי-פונג-פוער כינעזיש-אידישער קהלה, וועלכע האָבן דעם בריוו לאַנג געשטודירט און, ווייל זיי האָבן ניט געקענט לייענען העברעאיש, האָבן זיי אים פאַרגליכן מיט אַן אנדער העברעאישן בריוו פון לאָנדאָנער רבי ניעטא, וועלכן זיי האָבן געקראָגן מיט נײַנציק יאָר צוריק (אין יאָר 1760) און זיינען געקומען צום באַשלוס, אַז דער בריוו איז אויך געקומען פון אידן און איז געשריבן געוואָרן אין דער הייליקער שפּראַך. און די צוויי מיסיאָנערן האָבן געוואונען דעם פולסטן צוטרוי פון דער אידישער קהלה, און זיי איז דערלויבט געוואָרן אויסצופאָרשן די אידן, באַטראַכטן דעם טעמפּל, אפילו אַריינ-

גיין אין די קדשי קדשים פונם טעמפּל און באַשרייבן און אראָפּנעמען קאָפּיעס פון אַלץ, וואָס זיי געפינען פאַר נויטיק.

די צוויי כינעזער האָבן וועגן דער עקספּעדיציע אָנגעשריבן צוויי באַריכטן, איינעם אין ענגליש און איינעם אין כינעזיש, וועלכע זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין שאַנכאַי אין יאָר 1851. איך האָב גראָדע די באַריכטן גוט דורכגעשטודירט, ווייל זיי האָבן ענטהאַלטן די ערשטע ברייטערע און נעענטערע צום אמת אינפאָרמאַציעס וועגן די אידן-כינעזער.

אין די באַריכטן גיבן זיי ביידע אָן, אַז די קיי-פונג-פוער קהלה געפינט זיך אין דעם גסיסה צושטאַנד. די אידן זיינען זייער פאַר־אָרימט. די אידן זיינען קרעמער, ערד-אַרבעטער, אַנדערע זיינען שוואַרץ-אַרבעטער. פון די זיבעציק משפחות (שבטים), וואָס האָבן מיט ניינצן הונדערט יאָר צוריק אַריינגעוואַנדערט אין כינע, זיינען צו יענער צייט פאַרבליבן ניט מער ווי זיבן משפחות, וועלכע ציילן 200 נפשות. שוין פופציק יאָר ווי די קהלה איז אָן אַ רב און אַנדערע נויטיקע לערער און וועגווייזער. האָבן טאַקע אַלע אידן פאַרגעסן ווי צו לייענען די הייליקע שריפטן, ווי עס גייט אָן דער דאַוונען, זיינען ניט מל זייערע אינגלעך, האָבן פאַרגעסן די מערסטע פון די אידישע דינים און מנהגים, זיינען אפילו ניט באַקאַנט מיט די עיקרים פון דער אידישער רעליגיע. די אידן וואוינען מערסטנס אַרום דעם טעמפּל און זיינען צווישן זיך זייער באַפריינדעט. דעם טעמפּל האָבן זיי געפונען אין אַ צושטאַנד פון צעפאַלונג, פון חרוב-ווערן: גאַנצע שטיקער פון די ווענט פלעגן צעפוילטע אָפּפאַלן און די אָרומיקע אידן פלעגן די שטיקער צעפוילטע האָלץ שלעפּן צו זיך אַהיים, און מיט זיי באַהייצן זייערע אָרימע פאַנזעס (הייזלעך). אויף דער פראַגע פאַר־וואָס פאַרריכטן זיי ניט דעם טעמפּל, האָבן די אידן-כינעזער געענט־פערט, אַז זיי אַליין זיינען צו אָרים דעם טעמפּל צו פאַרריכטן, אַז זיי האָבן זיך געווענדעט מיט אַ פּעטיציע צו דער פּעקינער רעגירונג, אַז זי זאָל דורכפירן דעם נויטיקן רעמאָנט, אָבער זיי האָבן פון דער רעגירונג קיין ענטפער ניט געקראָגן.

כאָטש שוין פון אַ לענגערער צייט האָט דער טעמפּל אויסגעזען ווי אַ פאַרלאָזענע חורבה, דאָך איז ער נאָך אַלץ געשטאַנען, ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן. דעם טעמפּל האָט אָפּגעהיט אַ שמש און די

גאַנצע אידישע קהלה האָט באַטראַכט דעם טעמפּל ווי איר הייליקע אייגנטום און האָבן אים געהיט, אז מ'זאָל פון אינווייניק גאָרנישט ניט ארויסגנבענען.

## 3

דער טעמפּל האָט געהאַלטן 400 פוס די לענג און 150 פוס די ברייט. באַשטאַנען איז ער פון פיר אָפּטיילונגען און יעדע אָפּטיילונג האָט געהאַט אַ באַזונדער הויף ארום זיך. אין יעדן הויף האָט מען געקענט אריינגיין בלויז דורך אַ גרויסן טויער און צוויי גרויסע זייטיקע טירן. איבערן ערשטן טויער פון גאַס איז געווען אין כינעזיש אַ גרויסע אויפשריפט: „די גאָטהייט איז הייליק." אין דעם ערשטן הויף זיינען געווען אַ סך הייזער פאַר'ן פאָלק. אין מיטן הויף זיינען געוואקסן וואונדערבאר שיינע און גרויסעביימער.

אין דער צווייטער אָפּטיילונג האָבן זיך געפונען א סך הייזער מיט וואַנעס, האַנטפאַסן, ברונימער, שיסלען. אין דער אָפּטיילונג האָט זיך יעדערער געמוזט באָדן, וואשן, זיך ריין מאַכן, אויך בייטן די זאַכן אויף ריינע, יום טובדיקע, אום אריין צו גיין אין די צוויי אַנדערע אָפּטיילונגען פון טעמפּל געוואַשענע און גערייניקטע.

אין דער דריטער אפּטיילונג האָבן זיך געפונען צוויי ריזיקע מאַרמאָר טאַפלען מיט היסטאָרישע אויפשריפטן. אין דעם זעלביקן הויף האָבן זיך אויך געפונען צוויי געבעט הייזער. איינע אויפן נאָמען פון א אידישן מאנדארין, דאקטאר טשאַנג, וועלכער האָט געקראָגן די ערלויבניש פון כינעזישן אימפּעראַטאָר דעם טעמפּל צו רעמאָנטירן און וועלכער האָט טאַקע דעם רעמאָנט אויף זיין אייגענעם רעכנונג דורכגעפירט. און די צווייטע אויפן נאָמען פון א צווייטן זייער געאַכטעטן און באַליבטן אידישן מאַנדארין, וועלכער איז געווען א קרימינעלע ריכטער. אויסער דעם איז אין דעם הויף געשטאַנען אַ ריזיקע געביידע, וואו מען פלעגט אויפנעמען וויכטיקע געסט און וואו די אידישע קהלה האָט געהאַלטן אירע פאָלקס פאַרזאַמלונגען. אויך זיינען דאָ געווען אייניקע פּאַוויליאָנען, סטאַטועס און געשליפענע שטיינער מיט פאַרשיידענע אויפשריפטן.

ביים אַריינגאַנג אין דער פּערטער וויכטיקסטער און הייליקסטער אָפּטיילונג זיינען ביי דעם גרויסן טויער געשטאַנען סטאַטועז פון צוויי ריזיקן לייבן אויף פּעדעסטאַלן. הינטער זיי — צוויי גרויסע פון שטיין אויסגעהאַקטע וואַזעס מיט בלומען. דאָ אין דער אָפּטיילונג האָבן זיך געפונען די קהלשע קיך, די שעכטהויז, דער מזבח. אין מיטן איז געווען דער טעמפּל אליין. א ריזיקע געביידע אין פּערסיש־כינעזישן סטיל. איבערן טעמפּל איז געווען א גרויסער קופּאָל. ווי מען קען לייכט באַמערקן, האָבן די אַרכיטעקטן און בויער פון טעמפּל געוואָלט נאָכמאַכן דעם ירושלימער בית המקדש אזוי ווי ער איז באַשריבן אין די הייליקע ספרים. פאַר די הויכע טרעפּ פון טעמפּל זיינען געשטאַנען צוויי ריזיקע וואונדערבאַר באַאַרבעטע שטיינער, באַשריבענע אויף אלע זייטן. איין שטיין איז געווען אַ געשאַנק פון כינעזישן אימפּעראַטאָר צום גרויסן יום טוב פון דער ערעפנונג פון דעם טעמפּל. דער שטיין איז געווען באַדעקט מיט דער כינעזישער שריפט. אויפן צווייטן שטיין זיינען געווען אויסגעקריצט אין העברעאיש די עיקרים פון דעם אידישן גלויבן. עס זיינען געווען נאָך איניקע באַאַרבעטע שטיינער מיט אויפשריפטן. אויף איין שטיין איז געווען אויסגעקריצט מיט ריזיקע העברעאישע בוכשטאַבן:

שמש קמון

שמע ישראל יהוה
אלהינו יהוה אחד
ברוך שם כבוד
מלכותו לעולם ועד

אין דער הויף, איבערן טעמפּל, איז געווען אויף אַ גרויסן שטיין אויסגעקריצט אין העברעאיש: בית אל. ביים אריינגאַנג אין טעמפּל איז אויף א טיש געשטאַנען אַ שטיינערנע פאַס אויף דריי פיס פאַר מקטיר צו זיין קטורת. אין מיטן איז געשטאַנען א בימה פון וואַנען דער חזן פלעגט לייענען די געהעריקע פרשות פון דער תורה. ער

פלעגט זיין אָנגעטאָן אין אַ בלויער יאַרמולקע און בלויע געוואַנט אויף די פיס. אויפן פנים האָט ער געהאַט אַ שלייער.

אין דער הויף איז געווען אַ ספּעציעלע בימה פאַרן רב, וועלכער פלעגט אויפפּאַסן אין צייט פון דאַוונען, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג. ער פלעגט אַלעמאָל זיצן אין טעמפּל אויף זיין אָרט אונטער אַ ברייטן זיידענעם שירעם.

אין טעמפּל האָט זיך געפונען דער קדשי קדשים, אַ באַזונדער אָפּטיילונג, וואו קיינער אויסער דעם רב האָט ניט געקאָנט אריינ־גיין. די אָפּטיילונג איז שטענדיק געווען פאַרשלאָסן און דער שליסל האָט זיך שטענדיק געפונען ביים רב. דאָרטן האָבן זיך געפונען די דרייצן ספרי תורות. צוועלף לויט דער צאָל פון די צוועלף שבטים און איינע לכבוד משה רבינו.

אַלע אידן, מענער ווי פרויען, אַז זיי זיינען געקומען אין טעמפּל, האָבן געמוזט צוערשט אין דער צווייטער אָפּטיילונג זיך גוט אויס־וואַשן, מאַכן ריין דעם גאַנצן קערפּער, איבערבייטן די זאַכן, וואָס זיי טראָגן, און די שיך מיט די געטראָגענע זאַכן איבערלאָזן אין דער צווייטער אָפּטיילונג. די פרויען איז פאַרווערט געווען צו זיין אין טעמפּל מיט פאַרדעקטע קעפּ, די מענער פאַרקערט האָבן געמוזט טראָגן אויפן קאָפּ אַ בלויע יאַרמולקע. קיין טליתים האָבן זיי ניט געטראָגן. זיי פלעגן אַלע מאָל דאַוונען מיטן פנים צו דער ריכטונג פון ירושלים.

די אידן האָבן געגעסן בלויז כשרה פלייש, ד. ה. געשאָכטן אין שעכטהויז פון טעמפּל. געזאַלצן און אַרויסגעצויגן די אָדערן. (דער־פאַר האָבן די ארומיקע כינעזער גערופן די אידן „די אָדערן טריי־בערער"). זיי האָבן ניט געטאָרט חתונה האָבן מיט ניט קיין אידן, האָבן ניט געטאָרט האָבן מער ווי איין פרוי. שבת איז געווען אַ הייליקער טאָג, א טאָג פון רו און דאַוונען. פון די אידישע יום טובים זיינען נאָך דאַן, אין יאָר 1849, געפייערט געוואָרן ראש השנה און יום כפור. (מעגלעך אַז זיי האָבן שוין דאַן פאַרגעסן פון די אַלע איבעריקע אידישע יום טובים). דעם רב האָט מען אָפיציעל גערופן מאלנא. (אַ טיטל פון די רעליגיעזע פירער פון די מאַכמעדאַנער).

## 4

ווען דער געשיכטע פון די כינעזער אידן דערוויסן מיר זיך פון די אויפשריפטן אויף די ריזיקע שטיינערנע טאפלען, וועלכע טראָגן אויף זיך די יאָרן פון 1658 ביז 1797. אויף איין טאָפל איז אָנגעשריבן, אַז די אידן זיינען געקומען אין כינע פון טיען- טשו (אינדיע) אין דער צייט פון דער האַן דינאסטיע, ד. ה. ארום 200 הונדערט יאָר פאר דער קריסטלעכער צייט רעכנונג. זיי זיינען געקומען אין א צאָל פון 70 משפחות (אין א משפחה גייען אריין די אלע נאָענטע קרובים, וועלכע זיינען בלוט פאַרוואנדעט, אזוי אז א משפחה קען ציילן פון 60 ביז איבער הונדערט מיטגלי- דער) און אויף דעם שטיין זיינען ביז דעם באקסער אויפשטאַנד גע- ווען אויסגערעכנט די אלע 70 פאמיליען-נעמען פון די משפחות. די ניי אָנגעקומענע פרעמדע האָבן געבראכט דעם כינעזישן אימפע- ראַטאָר אַ מתנה—שטיקער פון די טייערסטע געוואנטן און זיי האָבן געבעטן דעם אימפעראטאָר צו געבן די ערלויבעניש צו באַזעצן זיך אין זיין לאַנד און אויך האָבן די מעגלעכקייט צו דינען דעם אידישן גאָט. נאָך דעם, ווי דער אימפעראַטאָר האָט אויסגעפאָרשט די אידישע רעליגיע און זיך איבערצייגט, אַז די אידן זיינען אָרענטלעכע מענטשן, האָט ער זיי ערלויבט צו באַזעצן זיך אין זיין לאַנד. דערביי האָט ער באַמערקט: אזוי ווי זיי זיינען געקומען אין אונזער לאַנד און היטן אָפּ די דינים און מנהגים פון זייערע עלטערן, שיינק איך זיי די רעכט צו דינען זייער גאָט אין אונדזער לאַנד און זיי מעגן זיך באַזעצן וואו זיי ווילן.

אין דעם ערשטן יאָר פון דער הערשאפט פון אימפעראַטאָר לו סינג (1163) איז אויפגעבויט געוואָרן אין קיי פונג פו דער ערשטער אידישער טעמפל. אין 16טן יאָר פון דער הערשאַפט פון אימפּעראַטאָר בי יואן (1279) איז איינגעשטעלט געוואָרן די פּראַצעדור פון דאַוונען. דער ערשטער אימפעראַטאָר פון דער מונג דינאַסטיע האָט זיי גאַראַנ- טירט אַ זיכערן און פרידלעכן לעבן מיטן באַדינג, אַז די אידן זאָלן ווערן זיינע אונטערטאַנען. אין דער צייט האָבן די מיטגלידער פון דעם ריינעם און אמתן גלויבן איבערגענומען די כינעזישע קליידונג, געוואוינהייטן און צערעמאָניעס. אין 29טן יאָר פון הערשאַפט פון

יונג-לא פון דער דינאסטיע מינג (1421) איז געגעבן געווארן די דערלויבניש דעם אידיש-כינעזישן דאָקטאָר טשאָאַ איבערבויען דעם טעמפל. אויס דאַנקבארקייט צום אימפעראטאָר האָבן די אידן אוועק־געשטעלט ביים טעמפל א מאָנומענט מיטן אויפשריפט : „זאָל געזונט זיין אונדזער אימפעראטאָר צען טויזנט מיריאדן יאָר!” אין דריטן יאָר פון הערשאפט פון טיען שון (1461), האָט דער קיי פונג פוער קהלה געטראָפן אַ גרויסער אומגליק : אַ פאַרפלייצונג האָט פאַר־ניכטעט דעם גאַנצן טעמפל. דאַן האָבן אַלע אידן מיט פאַראייניקטע קרעפטן צוריק אויפגעשטעלט דעם טעמפל. אין דער צייט פון הער־שאפט פון טיען הווא, האָבן דריי מיטגלידער פון דער אידישער משפחה פון קאָאַ איבערגעבויט אויף זייערע אייגענע מיטלען דעם הינטערשטן טייל פון טעמפל און האָבן דאָרט ארייננגעשטעלט דריי ספרי תורות.

אויף אַן אַנדער שטיין איז אויסגעקריצט : דריי רעליגיעס האָבן זייערע טעמפלען ,אין וועלכע מען בעט גאָט. די רעליגיע פון די אמת גלויביקע (אידישע) האָט אַ סך ענלעכקייט מיט די לערן פון קאָנפוצי, און אז די רעליגיע שטאַמט פון דעם איין-איינציקן גאָט אליין, און זי דערלויבט צו ערן דעם כינעזישן אימפעראַטאָר.

אויף דער צווייטער זייט פון טאפל איז אויסגעקריצט, אַז דער טאָפל איז אַ מאָנומענט אין אָנדענק פון דעם טעמפל, אין וועלכן עס ווערן אויסגעפאָלגט די פאָרשריפטן פון דער הייליקער תורה. דאָ ווערט נאָך אמאָל דערמאָנט ,אז די רעליגיע קומט פון אינדיע ,נאָר די אידן באַטראַכטן אדמען פאַרן ערשטן אידישן פאַטריאַך.

אויף נאָך אַ ריזיקן שטיין ווערט דערציילט די געשיכטע פון אידישן פאָלק און פון דער אידישער רעליגיע :

דער פאַטריאַך א-ווא-לא-האם (אברהם) איז געווען דער ערש־טער איד און איז געווען דער ניינצנטער אָפשטאַם פון א-טאון (אדם). אברהם האָט געלערנט ניט צו גלויבן אין אַ סך געטער, ניט אין גייס־טער און ניט אין שדים. ניט מער ווי איין גאָט איז דאָ, און ער איז דער גאָט פון דער גאַנצער וועלט, און פון אַלע מענטשן. דערנאָך איז געקומען דער גרויסער לערער און געזעצגעבער מיי-שע (משה) ער האָט, נאָך פערציק טעג פאַסטן און גאָט בעטן, געקראָגן פון גאָט די הייליקע שריפטן אויפן באַרג שעה-נא (סיני). משה האָט איבערגעגעבן

די הייליקע לערע צו יעט-שע-לא (עזרא). עזרא האָט שוין געלערנט ווי צו דינען גאָט. אַז גאָט דאַרף מען דינען מיט אמת און ריינקייט. דריי מאָל אַ טאָג מוז מען האַלטן דעם קערפּער ריין, מען מוז זיך פאַר יעדן דאַוונען וואַשן, בייטן די זאַכן. דאָס האַרץ מוז זיין ריין און דער פאַרשטאַנד קלאָר. מען דאַוונט אין דער פרי, אין מיטן טאָג און אין אָוונט. צוויי מאָל אין יאָר דאַרף מען ברייננגען קרבנות אין אנדענק פון די פאַרשטאָרבענע עלטערן*) מ'קען אָפּפערן אַן אָקס, אַ שעפּס אָדער די ערשטע פרוכט פון סעזאָן. די הייליקע שריפטן זיינען איינגעטיילט אין 53 פּרשות (אנשטאט ביי אונז אין 54) יעדע פּרשה אַנטהאַלט אין זיך די העכסטע און שענסטע מאָראַלע לערן. די אידישע רעליגיע איז געבויט אויף פיר הויפּט פּרינציפּן: רייינלעכקייט, אמת, פאַרערונג פון גאָט און געבעט. יעדערער, וואָס וועט אויספאָלגן די תורה, וועט ווערן א גוטער מענטש. די הויפּט טרעגער פון דער אידישער רעליגיע זיינען געוועזן אדם, נח, אברהם, יצחק, יעקב מיט זיינע צוועלף זין, משה, אהרן, יהושע און עזרא.

ווידער אויף אַן אַנדער שטיין ווערט דערציילט ,אַז דער טעמפּל און אַלע שריפטן און אויפשריפטן זיינען אין יאָר 1649 פאַרניכטעט געוואָרן, דערנאָך האָט מען אַלע שטיקלעך אויפגעזוכט און מיט דער הילף פון די קליגסטע און געלערנסטע אידן, וועלכע האָבן געקענט די שריפטן אויף אויסווייניק, האָט מען די אַלע שריפטן צוריק איינגעשטעלט און דעם טעמפּל צוריק אויפגעבויט אין יאָר 1653. אויך אויף דעם שטיין זיינען מיט אַ סך מי אָפּגעריבן געוואָרן די נעמען פון די 70 משפחות פון די ערשטע אריינגעוואַנדערטע פון אינדיע אידן.

אין אַלגעמיין מאַכן די אויפשריפטן אויף די טאָפלען דעם איינ-דרוק, אַז די אידן האָבן זיך באַמיט אראָפּצואוואַרפן פון זיך יעדן חשד, אַז זיי קומען פון אַ פרעמדן לאַנד און אַז זיי האָבן מיטגעבראַכט אַ פרעמדן גלויבן. זיי קלערן אויף, אַז די אידישע רעליגיע שטייט נאָענט צו דער קאָנפוציאַנער, אַז די אידישע רעליגיע הייסט אַכטן

---

*) דאָס איז שוין ריין כינעזיש-ברענגען קרבנות צו די גייסטער פון די עלטערן. — נ. מ.

און פאָלגן דעם כינעזישן אימפּעראַטאָר און אַז די אידן האָבן אי־בערגענומען דעם אָרט לעבן און געוואוינהייטן פון די כינעזער.

וואונדערבאַר איז, וואָס אויסקריצן דעם הויפּט שטיין, האָט גענומען גאַנצע 23 יאָר פון 1489 ביז 1512, און וואָס אויף אים האָבן געאַרבעט שטיינקריצער ניט נאָר פון קיי־פונג־פו, נאָר אויך פון אַנדערע שטעט, ווי טשינג־פון־נינג־סון און פון דער פּראָווינץ קאַנסו און טשינג קינג פון קאַיפען.

די אידן ווערן אויף די שטיינער אָנגערופן: אי טסו אמא ד״ה ישראל.

אָט אזוי איז דער פּנקס פון די כינעזער אידן פון קיי פונג פו גע־שריבן געוואָרן אויף שטיינער און ער דערציילט די געשיכטע פון די אידן אין כינע ביזן יאָר 1653. אויך ביז דאַנען האָבן די צוויי כינעזער מיסיאָנערן באַריכטעט אין זייער ביכל וועגן די אידן אין כינע.

5

אינטערעסאַנט איז אויך איבערגעבן וועגן די באַציאונגען פון די אידן צו די צוויי מיסיאָנערן. דעם צוטרוי, וואָס זיי האָבן אין אָנהויב געוואונען צוליב דעם העברעאישן בריוו צו זיי, האָבן זיי גאָר גיך פאַרלאָרן. די כינעזער אידן האָבן גלייך באַמערקט, אַז דאָס זיינען ניט געקומען צו זיי ברידער - אידן, כדי זיי אלס אידן לערנען, שטאַרקן, באַפעסטיקן, נאָר אַז זיי פאָרשן אוים זייער לעבן, זאַמלען אינפאָרמאציע צוליב גאָר אַנדערע צוועקן, מעגלעך שעדלעכע פאַר די אידן אין קיי פונג פו. און וואָס ווייטער איז זייער חשד אַלץ מער און מער פאַרשטאַרקט געוואָרן. עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז די אידן האָבן זיי ארויסגעטריבן פון טעמפּל, געקומען צו זיי אין „האַטעל" און דאָרטן געמאַכט אויף זיי אַן אָנפאַל און צוגענומען פון זיי אַלץ, וואָס די מיסיאָנערן האָבן דורך פאַלשע און געמיינע מיטלען קונציק ארויסגעשלעפּט פון טעמפּל. די אידן האָבן באַשלאָסן זיי מאַרגן אין דער פרי צו אַרעסטירן און שמייסן מיט באַמבוק שטעקלעך, פאַר דעם, וואָס זיי פאָרשן דאָ און אַרבעטן פאַר די ווייסע טייוואָלים (ענגלענדער). די צוויי מיסיאָנערן האָבן זיך וועגן דעם דערוואוסט און האָבן געפונען פאַר נויטיק זיך אָפּצוטראָגן פון שטאָט. דאָך

האָבן די אידן ניט אלץ ביי זיי צוריקגעקראָגן. ביי זיי זיינען נאָך פאַרבליבן אַכט ספרים. יעדער ספר איז באַשטאַנען פון אַ באַזונדער פרשה פון חומש. די פּאַפּיר איז געווען אַ זעלטן גראָבע און גלאַטע דורכגעוועבט מיט זיידענע פעדים. און די ספרים זיינען דאָס געווען די זעלטענע טראָפּייען, וואָס זיי האָבן געבראַכט אין דער מיסיע אין שאַנכאַי.

די ענגלישע געלערנטע מיסיאָנערן האָבן גלייך פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ זעלטענעם אוצר זיי האָבן אריינגעקראָגן, וואָס פאַר אַ גרויסע באַדייטונג די אַלטע ספרים קענען האָבן פאַר דער ביבל פאָרשונג און וואָס פאַר אַ טייערער אַנטיק דאָס איז.

אין אַ יאָר שפּעטער האָט די עזלביקע שאַנכאַיער מיסיע אַהין געשיקט אַ פאַרגרעסערטע עקספּעדיציע מיטן אויפטראָג אַרויסקריגן פון די קיי פונג פוער אידן נאָך פאַרשיידענע ספרים און אַנדערע אַנטיקן פון טעמפּל. די עקספּעדיציע האָט זיך זיי נאָך מער איינגעגעבן. זיי האָט זיך איינגעגעבן פאַר 400 טאַיאַן ($200) אויסנאַרן בא די אומווויסנדע כינעזער אידן זעקס ספרי תורות ,געשריבן אויף פאַרמעט, יעדע איינע דרייסיק פוס די לייננ. די ספרי תורות האָבן געשטאַמט פון די גאָר אַלטע צייטן. דאָס איז פאַר זיי געווען אַזאַ געווינס, וועלכער לאָזט זיך ניט אָפּשאַצן. מיט דעם אוצר האָט דאַמאָלסט געקאָכט די גאַנצע מיסיאָנערישע וועלט.

פון דאַמאָלסט אָן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אַהין מיסיאָנערן פון דער גאַנצער וועלט. ערשטנס צו ראַטעווען די נשמות פון די זינדיקע, אריינעמענדיק זיי אין יעזוסעם בוזים און צווייטנס צו קריגן אויך עפּעס ווערטפולעס פון דעם אידישן טעמפּל אין כינע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון ליגנס, באַטרוג, אָפּנאַרעריי, אונטערקויפן, גוטברודערשאַפט, כאַבאַר און גנבה. און זיי האָבן זייערס אויסגעפירט. אין פאַרלויף פון א פופציק יאָר האָבן זיי דעם טעמפּל אין גאַנצן אויסגעליידיקט. זיי האָבן ניט נאָר ארויסגעקראָגן די פאַרשיידענע ספרים נאָר אויך די אלע מכשירים וואָס האָבן זיך געפונען אין טעמפּל, אפילו צושלעפּט די אַלע שטיינער, וועלכע מען האָט נאָר געקענט רירן פון אָרט. דאָך האָט זיך די טויזנטער מיסיאָנערן, וועלכע זיינען געקומען אהין מיט ריזיקע סומען געלט ניט איינ־

געגעבן צו באַקערן די אידן צום קריסטנטום, כאָטש די אידן האָבן שוין גאָרנישט געוואוסט פון זייער אידישקייט.

זיי, די כינעזער אידן, האָבן געוואָלט פאַרזעצן זייער אידיש לעבן, נאָר אין דעם אָרום האָבן זיי גאָרנישט געפונען, וואָס זאָל זיי שטאַרקן אין זייער אידישקייט. נאָך אין 1872 זיינען געקומען פאָרשטייער פון די קייפונגפוער אידן אין פעקין. זיי האָבן געזוכט אַ אידישע קהלה און ניט געפונען. זיי האָבן בלויז געפונען דעם מיסיאָנער דר. מאַרטין, וועלכער איז אין יאָר 1866 ספּעציעל געפאָרן פון אַמעריקע קיין כינע זוכן אידן. דר. מאַרטין דערציילט אין אַן אמעריקאַנער מאַגאַזשריפט פון יאָר 1890, אז ער האָט בלויז געפונען אין כינע א אידישע מצבה פון יאָר 1864. ער באַריכטעט אויך, אז ער האָט געטראָפן פון די אַמאָליקע אידן ניט מער ווי זיבן משפחות, וועלכע ציילן אלע צוזאַמען פון 300 ביז 400 נפשות. דער טעמפּל איז שוין געווען אין גאַנצן איינגעפאלן. די פארבליבענע אידן־כינעזער זיינען שוין געווען אזוי אומוויסנד, אז זיי האָבן שוין אפילו ניט געוואוסט פון זייער אָפּשטאַמונג (דאָס איז ניט ריכטיק — היינט צו טאָג זיינען נאָך דאָ אייניקע כינעזער־אידן, וואָס היטן אָפּ זייער אידישקייט. נ. מ.) זיי האָבן ווי א אידישע קהלה שוין ניט געהאַט קיין געמיינזאַמע אידישע אינטערעסן און ניט געהאַט קיין קהלה פאַרזאַמלונגען. האָבן אפילו ניט אָפּגעהיט שבת, ניט מל געווען זייערע קינדער און זיי זיינען געווען אויפן גרעניץ פון פאָלקאָמענער אסימילאציע מיט דער ארומיקער כינעזישער באַפעלקערונג.

5

דעם לעצטן באַריכט וועגן דער געוועזענער קיי פונג פוער קהלה גיט דער קיי פונג פויער קאָרעספּאָנדענט פון דער באוואוסטער ענגלישער צייטונג אין כינע „נאָרטה טשאַינאַ דיילי ניוס” אין יוני 1924. די דערמאָנטע פאַרשפּרייטע ענגלישע צייטונג אין כינע האָט אויפגעפאָדערט איר קאָרעספּאָנדענט פון קיי פונג צו באַריכטן איר וועגן די קיי פונג פוער אידן.

און אָט וואָס ער באַריכטעט: „צו מזרח פון דער הויפּט האנדל גאַס לויפט א געסל, וועלכע הייסט: טאא טשינג הו טונג, ד. ה. די

געסל פון די אַדערן ציער. אַט די געסל פירט דאָס צום פּלאַץ, וואו דער אידישער טעמפּל איז געשטאַנען.

„אין שכנות מיטן פּלאַץ האָט די קאַנאַדישע מיסיע אָפּגעקויפט א שטיק לאַנד און אויפגעשטעלט דאָרט א קלויסטער. דער וועכטער פון קלויסטער איז אַן אַלטיטשקער, וועלכער שטאַמט פון דער אידי־שער פאַמיליע טשאַאָ. ער האַלט א קליינע טיי־הויז. און אין דער יוגנט האָט ער זיך פאַרנומען מיט דעם, וואָס ער פלעגט פאַרקויפן שטיקלעך שטיינער פון די מאַרמאָר טאָפלען צו די פאַרשיידענע מיסיאָנערן. אַליין האָט ער חתונה געהאַט מיט א בודיסטן און וויים גאָרנישט פון זיין אידישקייט. און ער איז טיפּיש פאַר די אַלע 250 פאַרבליבענע פון די זיבן משפחות. זיי אונטערשיידן זיך ניט פון די אַרומיקע כינעזער. כאָטש זיי ווייסן איצט כמעט גאָרנישט פון דער רעליגיע פון זייערע עלטערן און כאָטש זיי זיינען אַלע אזוי אָרים, אָפּגעלאָזן און איינזאַם, דאָך האָבן זיי ניט געוואָלט פאַרקויפן זייער געוויסן די מיסיאָנערן און קיין איינער פון זיי האָט ניט אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. אויך ניט אָנגענומען די גלויבנס פון די אַרומיקע כינעזער.

„מיט אייניקע יאָר צוריק האָבן די באַפולמעכטיקטע אין כינע פון דעם יעוואַנגעלישן פאָנד אויפן נאָמען פון מילטאָן סטואַרט אָנגעהויבן ענערגיש צו אַרבעטן כדי צו באַקערן זיי צום קריסטנטום. אין דער אַרבעט האָט זיי ארויסגעהאָלפן די קאַנאַדישע „טשוירטש מיסיע", וועלכע האָט אָפּגעקויפט דעם פּלאַץ, אויף וועלכן ס'איז גע־שטאַנען דער טעמפּל. אין דער זעלביקער צייט האָבן זיי אויך רעגיס־טרירט די מיטגלידער פון די זיבן אידישע משפחות און 250 מיטגלידער אַלטע און יונגע האָבן זיך פאַרשריבן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז א סך פון זיי פעלן: זיי האָבן פאַרלאָזן די שטאָט און זיך באַזעצט אין אַנדערע שטעט ווי טונג הסו, סוטשאו.

„די צוויי ריזיקע היסטאָרישע טאָפלען זיינען דאַן אַריבערגעגאַנגען אַלס אייגנטום צו דער קאַנאַדישער „טשוירטש מיסיע", וועלכע האָט זיי באַדעקט מיט ספּעציעל אויסגעבויטע פאַר דעם צוועק צוויי מויער־לעך. אין פראָנט פון די צוויי שטיינער האָט די מיסיע אויסגעבויט א גרויסן קלויסטער. אין קלויסטער האָט די מיסיע אריינגעשטעלט דעם גרויסן שטיינערנעם האַנט פאַס, וואָס איז אַמאָל געשטאַנען אין

אידישן טעמפל און האָט געדינט פאַרן ריטועלן וואַשן זיך. דער האַנט פאַס איז געמאַכט געוואָרן פון איין שטיק שטיין און איז אויס־געהאַקט אַזוי קונציק, אַז ער האָט דעם אויסזען פון אַ וואַסער ליליע".

אָט דאָס איז אַלץ וואָס איז פאַרבליבן פון דער אידישער קהלה אין דער הויפּט שטאָט פון האָנאַן, אין קיי־פונג־פו.

מיר פאַרזענלעך איז באַוואוסט, אַז אייניקע קיי־פונג־פוער אידן האָבן נאָך ביז היינט צו טאָג ברידערלעכע באַציאונגען מיט אייניקע ווייסע אידן פון שאַנכאַי. אַזוי איז מיר באַוואוסט, אַז אונטער דער אָנפירערשאַפט פונם באַוואוסטן רייכן געזעלשאַפטלעכן טוער עזרא, האָט זיך ביז דער לעצטער צייט געפונען אין שאַנכאַי די געזעלשאַפט צו העלפן די כינעזער אידן. מיט די אידן־כינעזער האָבן זיך פאַר־אינטערעסירט אייניקע איינפלוסרייכע אידן פון אייראָפּע און אַמע־ריקע, אַז גאָר ניט לאַנג צוריק האָבן די שאַנכאַיער אידן אַראָפּגע־בראַכט אייניקע קיי פונג פוער אידן זיי איינצואָרדענען מאַטעריעל און אויך אויף זיי ווירקן גייסטיק און אין דער זעלביקער צייט זיי דערציען אַלס אידן אין רעליגיעזן זין פון דעם וואָרט. אויך האָבן די שאַנכאַיער אידן אַראָפּגעבראַכט אַ גרופּע אינגלעך פון קיי־פונג־פו, כדי זיי געבן אַ אידישע רעליגיעזע דערציאונג, באַקאָנען זיי מיט דער אידישער וויסנשאַפט, כדי זיי זאָלן מיט דער צייט ווערן רעלי־גיעזע לערער פאַר די אַלע כינעזער אידן, וואָס האָבן אָן זייער אידישקייט אין גאַנצן פאַרגעסן. וואָס פון דעם אַלעם איז געוואָרן איז מיר אין גאַנצן אומבאַקאַנט. דער זעלביקער עזרא מיט דער הילף פון אַ רוסיש אידישן פאַרשער ה׳ פריינט האָבן אָפּגעדרוקט אַ ביכל אין ענגליש וועגן די אידן אין כינע, געשריבן דאָרט אויפן אָרט און מיט מער וויסן און פאַרשטענדענים ווי די פאַרשיידענע מיסיאָנערן, נאָר צום באַדויערן, ווי עס האָט מיר דערציילט דער שאַנכאַיער רב אהרן איינהאָרן, איז דער ביכל פאַרברענט געוואָרן אין אַ גרויסער שרפה און ניט מער ווי אייניקע עקזעמפּ־לאַרן האָט מען ארויסגעראַטעוועט. איין עקזעמפּלאַר געפינט זיך אין דער לאָנדאָנער ביבליאָטעק און איינער אין ירושלימער. איין עקזעמפּלאַר איז פאַר אַ קורצער צייט געווען בא מיר. איך האָב אים דורכגעשטודירט; דאָרטן ווערן אָנגעגעבן מערערע פאַקטן פון דער געשיכטע פון די כינעזער אידן, זייער לעבן, ווירקונג און די

פאַרשפּרייטונג פון די אידישע לערען אין כינע, און די געשיכטע ווערט דערצויגן ביז דער לעצטער צייט.

אלבערט קאַטץ, אין זיין ביכל אין דייטש: „די אידן אין כינא", בערלין 1900, גיט איבער, אז אין א סך כינעזישע ווערק פון פערטן יאָרהונדערט ווערט דערציילט וועגן נח'ן, לוט'ן, אברהם, יוסף, וועגן די זיבן הונגער יאָר אין מצרים. אויך רעדט זיך דאָרטן וועגן א אידישן גאָט, וועמענס נאָמען מען טאָר ניט דערמאָנען. אויך, אַז די ערשטע אידן זיינען געקומען אין כינע פון פּערסיע איבער כאָראסאַן און סאמארקאנד (איך מיין, אז די מיינונג איז נעענטער צום אמת, נעמענדיק אין באַטראַכט, אז אין דער כינעזישער שפּראַך פון די כינעזער אידן פאַלן אריין אַפּט פּערסישע ווערטער, אז די רעליגיעזע הימנען פון די כענעזער אידן זיינען ענלעך צו דער זעלביקער שאַפונג פון די פּערסיער אידן פון יענער צייט, נאָכמער אפילו אין די הייליקע אויפשריפטן אין טעמפּל און אויף די שטיינער טרעפן זיך פּערסישע ווערטער מיט העברעאישע בוכשטאַבן.)

איבן סאַיד, דער אַראַבישער רייזנדער דערציילט, אז דער רעבל באַן שאַאָ האָט אין 878טן יאָר באַלאַגערט די שטאָט קאנג-פו (ניט ווייט פון קיי-פונג-פו) און נאָכדעם ווי ער האָט די שטאָט איינגענומען, האָט ער אויסגעהרגעט 120,000 מאַכמעדאַנער און אידן. אויך שרייבט ער, אז די אידן האָט מען געקענט דערקענען לויטן אויסזען, זיטן, לעבנס געוואוינהייטן און זייער ספּעציפישער כינעזישער שפּראַך, אין וועלכער עס זיינען געווען פאַרטראָטן ווערטער פון העברעאישן און פּערסישן אָפּשטאַם.

דער כינעזישער שרייבער, סינג טשעאָ, אין זיין בוך „טינג-קינג-קע" פון פערטן יאָרהונדערט גיט אָן, אז אין דער שטאָט קאנג-פו איז דאָן געווען אַ טעמפּל פאַר אַ גאָט גייסט, וועלכער וואוינט אין הימל. און אַנדערע כינעזער פון יענער צייט באַריכטן, אז אין די שטעט טשאנג-טון און שענס זיינען דאָ בתי מדרשים אין וועלכע מען דינט צו איין גאָט. דער אַראַבישער רייזענדער אבו זעאוד אל האסאן גיט אָן אין זיין באַשרייבונג פון כינע אין 9טן יאָרהונדערט, אז די אידן האָבן דאָרט אַלע מאָל געהאַט די פולסטע גלייכבארעכטיקונג און האָבן געהאַט א פולע אויטאָנאָמיע אין זייער אינערלעכן לעבן, אז די כינעזער זיינען אלעמאָל געווען פריי פון רעליגיעזן און ראַסן

האָט און אז די אידן האָבן פאַרנומען וויכטיקע רעגירונגס שטעלעס. די באַציאונגען צווישן די אידן און זייערע שכנים זיינען געווען פון די בעסטע און פריינדלעכסטע.

ווידער פון אָפיציעלע רעגירונגס כראָניקס דערווייסן מיר זיך, אַז אין די יאָרן 1329 און 1354 זיינען די פאָרשטייער פון די כינעזער אידן אָפיציעל איינגעלאַדן געוואָרן אין פעקין, כדי צו פאַרהאַנדלען מיט דער פעקינער רעגירונג וועגן אנטייל נעמען פון די אידן אין דער כינעזישער ארמיי. אין די כראָניקעס ווערן די אידן באַצייכנט מיט די נעמען „שובו" אדער „יהודים".

ווי עס שיינט האָבן טאַקע דאַמאָלסט אידן געוויינט אין גרעסערע מאַסן אין כינע. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט מסחר, עקספּאָרט און אימפּאָרט, האָבן געפירט גרויסע געשעפטן מיט אויסלאַנד, ספּעציעל מיט אינדיע און פּערסיע. די פּערסיער אידן, ווי עס שיינט זיינען געווען זייערע רעליגיאָנס לערער און באַזאָרגער מיט ספרים, ספרי תורות און מיט אַלץ, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט פאַר זייערע רעליגיעזע צוועקן, און אַז די אידן פון יענער צייט האָבן יאָ געוואוסט פון אידישקייט, זיינען געווען פרום און אָפּגעהיט די אלע אידישע דינים און מנהגים, האָבן אפילו געקענט לייענען און שרייבן העברעאיש. א באַווייז האָבן מיר פון דעם, וואָס אויף רבי ניעטאַס בריוו פון לאָנדאָן אין 1760, געשריבן אין העברעאיש האָבן זיי געענטפערט אויף כינעזיש און העברעאיש. אויך האָט זיי אַלעמאָל געצויגן צו פאַרבינדן זיך צוריק מיט די אידן פון דער וועלט און ווערן מיטגלידער פון דער אידישער משפחה, דאָס קען מען ארויסזען פון דעם, ווי זיי פלעגן אויפנעמען פרעמדע געסט, וועלכע האָבן זיך פאַרשטעלט אָדער זיינען טאַקע געווען אידן, און ווי זיי האָבן זיך דערנאָך באַצויגן צו די זעלביקע געסט, ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז זיי זיינען ניט קיין אידן, נאָר קריסטן.

6

אין יאַנואַר 1931, האָט דער יונגער כינעזישער פאָרשער פון די אידן אין כינע, מאַרקיז זע, געהאַלטן אַן אינטערעסאַנטן פאָרטראַג פאַר די מיטגלידער פון דער אידישער געזעלשאַפט „קונסט"

אין טיען-טזין. אין דעם פּאָרטראַג האָט ער ארויסגעבראַכט אייניקע אינטערעסאַנטע פּונקטן, וועלכע זיינען ביז איצט געווען אין גאַנצן אומבאַקאַנט פאַר דער עפנטלעכקייט און וועלכע איך וועל איצט צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכן:

1) אין דרייצנטן יאָרהונדערט זיינען די פלייש געשעפטן אין אייניקע שטעט פון צענטראַל כינע געווען איינגעטיילט אזוי, אַז אויף איין זייט האָבן זיך געפונען די אידישע יאַטקעס, און אויף דער צווייטער זייט די אלגעמיינע. פון דעם דרינגט ער ארויס, אַז אין די שטעט האָבן זיך געפונען אידן אין א גרויסער צאָל.

2) ווען אין מיטן פון 17טן יאָרהונדערט האָבן די מאַנגאָלן באזיגט כינע און דעם פעקינער טראָן האָט פאַרכאַפּט די מאנדזשו דינאַסטיע, און די נייע הערשער איז ניט געפעלן געוואָרן, וואָס די אידן זיינען אין גרויסע מאַסן קאָנצענטרירט אין איין געגנט, האָבן זיי פאַראָרדנט, אַז די אידן מוזן זיך באזעצן אין די אלע 40 פּראָווינצן, אין וועלכע די דאמאָלסדיקע כינע איז געווען איינגע-טיילט. און דער נייער געזעץ איז שטרענג דורכגעפירט געוואָרן. דער אידישער קערפּער איז צעריסן געוואָרן אויף פערציק טיילן און יעדער טייל באַזונדער האָט זיך מיט דער צייט אסימילירט מיט דער ארומיקער כינעזישער באַפעלקערונג פון דער געגעבענער פּראָ-ווינץ.

3) אונטער די ערשטע מאנדזשורער הערשער האָבן די אידן אין כינע פארנומען געזעלשאפטלעך און עקאָנאָמיש א פּאָזיציע זייער אן ענלעכע צו דער, ווי די אידן האָבן פאַרנומען אין פּוילן און אוקראַינע אין צייט פון באגדאן כמעלניצקי. זיי זיינען געווען פאַרמיטלער צווישן דאָס פאָלק און די מאנדארינען אָדער דער רעגי-רונג. פלעגן פון דער צענטראַלער רעגירונג, אָדער פון די לאָקאלע הערשער, קריגן פאַרשיידענע קאָנצעסיעס, זייער אָפט פלעגט מען זיי איבערגעבן דאָס אויפמאָנען פון די פאַרשיידענע שטייערן פון דער באַפעלקערונג, און דאָס האָט אין אייניקע געגנטן פאַרשאַרפט די באַציאונגען צווישן די אידן און זייערע שכנים. און אין דער קאַנטאָ-נער פּראָווינץ זיינען די כינעזישע פאָלקס-מאַסן אזוי אויפגערייצט געוואָרן אויף די אידן, די שטייער-זאַמלער, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ שרעקלעכן פּאָגראָם אויף די אידן און פערציק טויזנט פון זיי

האָבן זייערע לעבנס פאַרלאָרן. צווישן די דערהרגעטע האָבן זיך געפונען זייער א סך רייכע אידן.

4) ס׳איז דאָ א כינעזישע פּאָעמע פון 11טן יאָרהונדערט, אין וועלכער צווישן אַנדערעס ווערט געזאָגט: „אויב דו ווילסט וויסן דעם פּרייז פון רייז, טאָ פרעג אָן באַ די אידישע סוחרים פון קאַנ-טאָן".

5) אין דער כינעזישער ליטעראַטור פון 11, 12 און 13טן יאָר-הונדערט קען מען געפינען א סך שפּורן פון דעם, וואָס די כינעזער זיינען געווען באַקאַנט מיט די אידן און זייער אייגנאַרטיקייט. אויך ווערט דאָרט אָפט אָפּגעלאַכט פון אידן. אין איין אָרט ווערט מיט חוזק אזוי געזאָגט: מיר האָבן א סך געטער און זיי זיינען ניט בכח אונדז ארויסהעלפן, טאָ וואָס קען שוין טאָן פאר אייך אייער איינ-ציקער גאָט?

6) עס זיינען דאָ א סך לעגענדעס, מעשות אין דעם כינעזישן פאָלקלאָר, וועלכע זיינען ניט פון כינעזישן אָפּשטאַם און ניט אין כינעזישן גייסט. ס׳קען ניט זיין א כינעזיש מעשהלע, וואו עס זאָל פיגורירן בלויז איין גאָט און דערצו נאָך אָן גייסטער און אָן שדים, אָדער א מעשהלע, וואו עס זאָל זיך ריידן פון א גאָט אין הימל, אָדער פון איין איינציקער פרוי. אָן צוויפל אז די מעשהלעך שטאַמען פון אידישן קוואַל, און די ווירקונג פון אידן איז געווען אזוי שטארק און פאַרשפּרייט, אז זיי זיינען אריין אין כעניזישן פאָלקלאָר..

7) דער טעמפּל אין קיי-פונג-פו איז ניט געווען דער איינציקער אין כינע. לעצטנס האָבן פאַרשיידענע פאָרשער אַנטדעקט א סך טעמפּלען אָן דער סטאַטוע פון בודא און אָן די אַלע מכשירים פון די כינעזישע פּאגאדאס (טעמפּלען), דערפאַר געפינט מען אין זיי סמנים, וועלכע דערציילן, אז דאָס זיינען געווען אידישע בתי מדרשים. אויף אייניקע בתי מדרשים האָט מען געפונען אויפשריפטן מיט די כינע-זישע הערראַגליפן, אָבער קיינער האָט זיי ניט געקענט פאַרשטיין. דערנאָך איז מען דערגאַנגען, אַז די שריפט איז טאַקע א כינעזישע, אָבער די ווערטער זיינען געווען אין דער העברעאישער שפּראַך.

8) מען האָט לעצטנס געפונען א תנך אין כינעזיש און הע-ברייאיש, וועלכער טראָגט אויף זיך די קענטיקע סמנים, אַז ער שטאַמט פון גאָר אַלטע צייטן.

## 7

אָבער ס'איז פאַר קיין פאַל ניט באַשערט געווען, אַז די גרויסע רייכע כינע זאָל פאַרבלייבן אָן אידן. טאַקע אין דער זעלביקער צייט, ווען עס האָבן זיך צו אונז דערטראָגן קלאַנגען וועגן די אויסשטאַרבנדע אידן-כינעזער, האָבן אָנגעהויבן אריינקומען אהין אַנדערע אידן. דאָס-מאָל ניט נאָר פון פּערסיע און אינדיע, נאָר אויך פון קליין אַזיע, פון מעריב אייראָפּע, פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אמעריקע, און נאָך דער רוסיש-יאַפּאַנעזישער קריג אויך פון מזרח אייראָפּע. און דאָ הויבט זיך אָן א נייע געשיכטע פון אידן אין כינע, שוין ניט פון אידן-כינעזער, געלע אידן, נאָר פון די ווייסע אידן.

שוין באַלד 80 יאָר ווי צו די ברעגן פון כינע איז צוגעשוואומען אליהו דוד ששון און זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט מסחר. די סבה פון זיין אָנקומען קיין כינע איז געווען אזא: די משפחה פון דוד ששון איז זייער א געהויבענע און רייכע, זיי זיינען פון שטענדיק אָן געווען גרויסע סוחרים און ראשי העדה אין באַגדאַד. אָבער צוליב משפּחה אָנגעלעגנהייטן האָט דערדאַזיקער ששון פאַרלאָזט זיין געבורטס-לאַנד, זיך געלאָזט וואַנדערן איבער אינדיע, ביז ער איז אָנגעקומען קיין באָמביי. איינמאָל איז ער געגאַנגען אויף פּאַסט אוועקצושיקן אייניקע בריוו, און ער האָט באמערקט א גרויסע צאָל בריוו און געלט אָנווייזונגען, וואָס זיינען אָנגעקומען פון כינע. דער-פון האָט ער איינגעזען, אַז דער מסחר צווישן אינדיע און כינע מוז זיין א גרויסער, האָט ער פאַרלאָזט אינדיע און אויף א זעגל שיף אָפּגעפאָרן קיין כינע. נאָך 6 חדשים פאָרן אויף דער שיף און נאָך א סך גרויסע סכנות איז ששון אָנגעקומען קיין קאַנטאָן. (דער איינ-ציקער אָפענער פאָרט פאַר פרעמדע ביז 1842טן יאָר). ער איז גלייך צוגעשטאַנען צום מסחר מיט אָפּיום, פון וואָס ער איז אין גאָר א קורצער צייט געוואָרן זייער רייך. אין דער זעלביקער צייט זיינען נאָך אנדערע אידן געקומען קיין כינע און געמאַכט דאָרט גוטע גע-שעפטן. די ערשטע צייט האָבן זיך די אידן קאָנצענטרירט אין שאַנכאַי און האָנג-קאָנג און האָבן געהאַנדלט מיט בוימוואָל, פּאַדים און אָפּיום. און כמעט די אלע אידן וואָס זיינען אָנגעקומען אין יענער צייט קיין כינע זיינען געווען פון באָמביי, אָבער זיי זיינען ניט

געווען קיין אינדיער אידן: זייערע עלטערן האָבן אהין אריינ־געוואַנדערט פון באַגדאַד. דערפאַר זיינען זיי באוואוסט אין גאַנץ כינע אונטערן נאָמען „די אַראַבישע אידן". זייערע מנהגים אין עניני הדת זיינען אויפן ספרדישן שטייגער. זייערע סדורים זיינען גע־דרוקט געוואָרן ס׳רוב אין באָמביי. אַ סך פון זיי זיינען געדרוקט מיט אַן אַראַבישער איבערזעצונג. זיי האָבן אויך סדורים מיט אַן ענגלישער איבערזעצונג. געקליידעט זיינען זיי אייראָפּעאיש און זייערע שפּראַכן זיינען איצט אַראַביש, אינדיש, ענגליש און כינעזיש. ביז דער לעצ־טער צייט פלעגן זיי אַראָפּברענגען רבנים אויך פון באַגדאַד. לעצטנס איז מיר געווען באוואוסט, אַז זייער רב אין שאַנכאַי איז געווען אַ רוסישער איד. זיי האָבן זייערע באַזונדערע בית עולמס.

פאַר די לעצטע דרייסיק יאָר האָבן אָנגעהויבן אריינוואַנדערן אין כינע אידן פון אייראָפּע, די אשכנזים, און היינט צו טאָג זיינען שוין די אשכנזים אין אַ סך אַ גרעסערער צאָל ווי די ספרדישע.

די ביידע צווייגן פון אידישן שטאַם האָבן ווייניק געמיינשאַפט־ליכעס צווישן זיך. זיי זיינען שטאַרק אָפּגעזונדערט איינע פון די אַנדערע. אפילו אין שטעט, וואו זיי וואוינען אין גרעסערע מאָסן איינע לעם די אַנדערע, קומען זיי צווישן זיך ווייניק אין באַרירונג. זיי זיינען אזוי אָפּגעטיילט און אָפּגעזונדערט, אַז זיי האָבן אין דיזעלביקע שטעט באַזונדערע קהלות. כמעט אַלע אידן אין כינע זיינען סוחרים, אָנגעשטעלטע פון אויסלענדישע פירמעס, פאַרנעמען זיך מיט עקספּאָרט און אימפּאָרט, אַ טייל איז פאַרנומען אין קליין האַנדל, אַ טייל באַדינען די אידישע קהלות, אַנדערע זיינען פון פרייע פּראָפעסיעס. קיין אידישע ארבעטער זיינען, אויסער אין אַ קליינער צאָל אין כאַרבין און מוקדען, ניטאָ. אייראָפּייאישע ארבעטער קענען ניט אין כינע קאָנקורירן מיט די כינעזישע.

## 8

די אשכנזישע אידן זיינען פאַרשפּרייט אין אַ מאַסע שטעט פון מאַנדזשוריע, מאָנגאָליע, גירינער און מוקדענער געגנטן. דאָ וועל איך זיך בלויז באַגרענעצן מיט די שטעט, וואו עס עקזיסטירן אָפּי־ציעל אידישע קהלות.

**מאַנדזשוריע** — גרעניץ־שטאַט צווישן ראַטן־פאַרבאַנד און כינע האָט פאַרמאָגט אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה א גרויסע און רייכע אידישע קהלה. די אידן האָבן געפירט א גרויסן האַנדל מיט רוסלאַנד, מאַנגאָליע און מאַנדזשוריע. רוסלאַנד איז געוואָרן סאָווע־טיש. איר אויסלענדישן האַנדל פירט זי דורך אירע האַנדל אינסטי־טוציעס און דורך אירע אַגענטן. מיט קיין זייטיקע פאַרמיטלער פירט זי קיין געשעפטן ניט. האָבן די אידישע סוחרים פון מאַנדזשוריע פאַרלאָרן זייער רייכסטן מארק. מאַנגאָליע איז אריין אין דער פעדע־ראַציע פון די סאָוועטישע רעפּובליקן און זי קען זיך שוין אויך באַגיין אָן די אידישע פאַרמיטלער. און אין מאַנדזשוריע אליין קענען די אידן ווייניק וואָס אויפטאָן. אלס רעזולטאַט פון דעם איז די אידישע קהלה אין מאַנדזשוריע פאַראָרימט געוואָרן און אין מאַסן פאַרלאָזן די אידן די שטאָט. די וואָס האָבן נאָך אביסל געלט פאָרן אין כאַרבין און דערנאָך טיפער אין כינע. די אָרימע עמיגראַנטן קיין סאָוועט־רוסלאַנד. דער אינצידענט פון סאָוועטן־לאַנד מיט כינע צוליב דער גרויסער ווייט מזרחדיקער באַן האָט נאָך מער פאַרערגערט די לאַגע פון די אידן אין מאַנדזשוריע און היינט צו טאָג זיינען אין מאַנדזשוריע פאַרבליבן בלויז אַ הונדערט אידן פון 800 משפחות אין 1920.

**כיאַלאַר** — די אידן זיינען מערסטנס עקספּאָרטער פון רויכ־וואַרג, מאַנגאָלישע פערד און פי און פון וואָל. אויך דאָ האָט דער רוסיש־כינעזישער אינצידענט געבראַכט אן איבערברוך אין לעבן פון דער קהלה און די קהלה איז פאַר די לעצטע צען יאָר שטאַרק פאַר־אָרימט און פאַרקלענערט געוואָרן.

**כאַרבין** פאַרמאָגט די גרעסטע אידישע קהלה אין כינע. פאַר־מאָגט א אידישע באַפעלקערונג מער פון 12,000. ביז דער רעוואָ־לוציע אין רוסלאַנד איז די לאַגע פון די כאַרבינער אידן געווען א גוטע. די כאַרבינער אידן האָבן געפירט געשעפטן מיט יאַפּאַן, כינע און רוסלאַנד. איצט אַז דער רוסישער מארק איז פאַר די כאַרבינער אידן אין גאַנצן פאַרמאַכט געוואָרן, איז די לאַגע פון די כאַרבינער אידן געוואָרן באַדייטנד ערגער, אויך דער צוזאַמענשטעל פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט זיך א סך געביטן. די אָרימערע אידישע באַפעלקערונג עמיגרירט אין דאָס לאַנד פון די סאָוועטן, אנדערע

עמיגרירן טיפער אין כינע, מערסטנס אין טיען-טזין און שאַנכאַי, דערפאַר קומען אָן פון רוסלאַנד נייע איבערוואַנדערער. מיט מסירת נפש גנבענען זיי זיך דורך די סאַפּקעס און טייגעס און רייסן זיך אריין אין דער כינעזישער טעריטאָריע און זייער ערשטער אָפּשטעל פּונקט איז שטענדיק כאַרבין. אָבער אין כאַרבין איז זיי שווער איינצואָרדענען זיך און דערצו זיינען זיי אומבאַהאָלפן, שוצ-לאָז אָן דאָקומענטן און אָן מיטלען צום לעבן. און די כאַרבינער קהלה באַזאָרגט זיי דאָן מיט בריוו און מיטלען אום זיי זאָלן קענען פאָרן ווייטער טיפער אין כינע, וואו עס זיינען דאָ מער מעגלעכקייטן זיך איינצואָרדענען. און אזוי אַרום פאַרגרעסערן זיך איצט די אידי-שע קהלות אין דרום כינע.

כאַרבין האָט נאָך אין 1920 פאַרמאָגט אַ אידישן טעאַטער, צוויי דריי אידישע פּעריאָדישע ציימונגען אין רוסיש, אַן אויסגע-צייכנט אָרגאַניזירטע אידישע קהלה מיט אַ סך קהלשע אינסטיטו-ציעס, ווי אַ הויז פאַר אַלטע, אומזיסטע מעדיצינישע הילף, אַ בי-ליקן רעסטאָראַן, אַ אידישע גימנאַזיע, אַ תלמוד תורה, אַ קאָמיסיע פאַר סאָציאַלער הילף פאַר אָרימע, פאַר די מלחמה-ליידנדע און צום סוף פון קריג אויך פאַר די אידישע קריגסגעפאַנגענע. אויך האָט די קהלה געהאַט אַ פּאַלעסטינער קאָמיסיע. איר אויפגאַבע איז געווען העלפן מיט ראַט און טאַט אַלע די, וואָס ווילן זיך באַ-זעצן אין ארץ-ישראל. כאַרבין האָט אויך פאַרמאָגט די רייכסטע אידישע ביבליאָטעק אויפן ווייטן מזרח. דאָ האָבן געאַרבעט און געווירקט די פאַרשיידענע פּאַרטייען פון דער אידישער גאַס, ווי די ציוניסטישע, בונדישע, די פּועלי-ציוניסטישע, צעירי ציון, פאָלקס-פּאַרטיי און די אַלגעמיין קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אויסער די קאָ-מוניסטן זיינען די אַלע פּאַרטייען געווען פאַרטראָטן אין דעם ראַט פון דער קהלה. די אידישע דעמאָקראַטיע האָט זיך אויך קאָנצענ-טרירט אַרום דער אידישיסטישער געזעלשאַפט „אימאַלדאַג (מוזי-קאַלישע, ליטעראַרישע און דראַמאַטישע געזעלשאַפט). די געזעל-שאַפט האָט פאַרמאָגט אַ טעאַטער, אַ קינדערגאָרטן אויף שלום עליכמס נאָמען, אַ קינדער קאָלאָניע (קעמפּ). איצט איז פון דעם אַלעם ווינציק וואָס פאַרבליבן. די צרה איז געווען, אַז ווען די כינעזער האָבן סוף 1920, איבערגענומען כאַרבין פון די רוסן, האָבן זיי אי-

בערגעלאָזן אויף די אַלע שטאַטישע שטעלעס די רוסישע אָנגע־שטעלטע, וועלכע זיינען געווען און פאַרבליבן ווי די אַמאָליקע צאַ־רישע טשינאָווניקעס — אַנטיסעמיטן. און איצט זייענדיק אָפּגע־ריסן פון דעם סאָוועטן לאַנד, האָבן זיי געקראָגן נאָך אַ גרעסערע מעגלעכקייט נאָכצוגעבן זייערע קאַפּריזן. זיי האָבן פאַרמאַכט דעם „אימאַלדאַג", האָבן פאַרווערט צו באַנוצן זיך מיט דער אידי־שער שפּראַך אויף עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען, אָדער אפילו אין אידישע אָפיציעלע אינסטיטוציעס. אויך צוליב דעם, וואָס כאַרבין ליידט לעצטנס שוין אייניקע יאָר פון אַ כראָנישן קריזיס, האָבן זיך אויך אייניקע אַנדערע אינסטיטוציעס צוגעמאַכט.

איצט עקזיסטירט די קהלה, וועלכע האָט אייניקע פונקציעס פון זיך אָראָפּגענומען, אַ פילאַנטראָפּישער פרויען פאַראיין, די תלמוד תורה, דער אידישער פאָלקס־באַנק, די ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציע, אַ הילפס אָרגאַניזאַציע פאַר בירא־בידזשאַן. אויך דער־שיינט אַ ציוניסטישע וואָכנבלאַט „דאָס אידישע לעבן", אונטער דער רעדאַקציע פון דעם באַוואוסטן סימפּאַטישן כלל טוער און ציוניסט דר. קויפמאַן.

מוקדען: די אידישע קהלה איז אויסגעוואַקסן פאַר די לעצטע צען יאָר. די אידישע באַפעלקערונג פון מוקדען ציילט ביז 200 פאַמיליעס, און באַשטייט כמעט אינגאַנצן פון אַנגעפאָרענע אידן פון כאַרבין און פון סאָוועטישן ווייטן מזרח. דאָ איז אַ קליינער אידישער קלוב, אַ ביבליאָטעק, אַ געזעלשאַפט פאַר הילף. די מוקדענער קליינע אידישע קהלה האָט זיך אַלעמאָל אויסגעצייכנט מיט איר אחדות און אויפמערקזאַמקייט צו די נויטבאַדערפטיקע אידישע דורכפאָרער.

דער אידישער מוקדען צייכנט זיך אויך אויס מיט דעם, וואָס אויסער כאַרבין איז ער דער איינציקער פלאַץ אין כינע, וואו עס זיינען באַשעפטיקט אידישע אַרבעטער. דער אידישער באַפעלקע־רונג לעבט זיך ניט שלעכט. די אידן זיינען דאָרט מערסטנס עקס־פּאָרטירער.

טיען טזין: די אידישע באַפעלקערונג איז באַדייטענד אויס־געוואָקסן פון 10 משפחות אין 1920 ביז איבער 1500 אין 1931. דער גרעסטע טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג אַרבעט פאַרן

עקספּאָרט פון פוטערוואַרג אין אַמעריקע. מיט קליינע אויסנאַמען לעבט זיך דער אידישער באַפעלקערונג ניט שלעכט. דער אַלגע־מיינער קריזיס פילט זיך דאָ ניט שטאַרק. ס'איז דאָ אַ גוט אָרגאַ־ניזירטע קהלה. די געזעלשאַפטלעכע און אידיש־קולטורעלע טעטי־קייט קאָנצענטרירט זיך אַרום דעם קלוב „קונסט", וועלכער האָט 400 מיטגלידער. דער קלוב אָרגאַניזירט יעדע וואָך פאַרוויילונגען, יעדן דינסטיק ליטעראַרישע אָוונטן. נאָך דער פאַרמאַכטער כאַר־בינער אידישער ביבליאָטעק, פאַרמאָגט היינט צו טאָג טיען־טזין די גרעסטע אידישע ביבליאָטעק אין כינע. אויך איז דערשינען אין טיען־טזין אונטער דער רעדאַקציע פון ל. עפּשטיין און ה. מיסקי אַ רייכער מאָנאַטלעכער אידישער זשורנאַל אויף רוסיש אונטערן נאָמען „אונדזער שטימע".

## 9

די אַלע אויסגערעכנטע ביז אַהער קהלות זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די רוסישע און פּוילישע אידן. עס זיינען דאָ נאָך דריי קהלות, וועלכע געפינען זיך אין דרום כינע און די באַשטייען פון די אויבנדערמאָנטע אַראַבישע אידן. דאָס זיינען די אידישע קהלות אין שאַנכאַי, אין האָנג־קאָנג און אין קאַנטאָן.

**שאַנכאַי** האָט גראַדע צוויי קהלות: אַ ספּרדישע און אַן אשכנזישע. וויפל אידן עס זיינען דאָרט ווייסט מען ניט. יעדנ־פאַלס, אויף וויפיל מיר פערזענלעך איז באַקאַנט, איז די צאָל ניט קליין. עס ווערט גערעכנט אין שאַנכאַי 25,000 רוסן און ניט קיין קליינעם טייל פון זיי פאַרנעמען די רוסישע אידן. און די אידישע באַפעלקערונג פאַרגרעסערט זיך מיט יעדן טאָג. די אידן זיינען צעוואָרפן איבער אַלע קוואַרטאַלן פון שטאָט, נאָר מערסטנס וואוינען זיי אין דער פראַנצויזישער און ענגלישער קאָנצעסיעס. די קהלה פון די אייראָפּייאישע אידן פאַרמאָגט אַ מושב זקנים, אַ צדקה אָר־גאַניזאַציע, אַ חברה קדישא און אנד. אָרגאַניזאַציעס. די קהלה פון די אַראַבער אידן האָט איר רייכע שול (וועלכע קען שוין ניט אַריינעמען די אַלע מיטגלידער פון דער ספּרדישער קהלה). אירע

אייגענע צדקה אָרגאַניזאַציעס, ספּאָרט קלובן, און ווייל די מערסטע מיטגלידער פון דער ספרדישער קהלה זיינען רייך, לאָזן זיי אָפּט פון זיך הערן. דאָ בויט אימיצער פון זיי אויס אַ שול, אַן אַנדער גיט אַ גרויסע נדבה פאַר ארץ־ישראלדיקע אינסטיטוציעס און אַ דריטער בויט אויס אַ וויכטיקע אינסטיטוציע דאָ אין שאַנכאַי.

איצט איז דאָ אַ נייגונג צו פאַראייניקן דיביידע קהלות. אין 1932 איז פאָרגעקומען צוליב דעם אַ גרויסע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די אייראָפּייער (אשכנזישע) אידן. אינטערעסאַנט איז, אַז די פאַרזאַמלונג אונטערן פאָרזיץ פון אַן ענגלישן אידן, הער נאָבלסטאָן, האָט זיך געפירט אויף פיר שפּראַכן: אידיש, ענגליש, רוסיש און דייטש.

שאַנכאַי איז די ערשטע שטאָט וואו די ערשטע אידישע עמיגראַנטן זיינען אריינגעקומען, פאַרמאָגט אויך די רייכסטע אידן, ניט נאָר אין כינע, נאָר אויפן גאַנצן ווייטן מזרח. ס'איז גענוג צו דערמאָנען די נעמען פון די סאַסונס (ששון), עזרא, קאַדורא, כאַרדון. כאַרדון איז ניט לאַנג צוריק געשטאָרבן, האָט איבערגעלאָזן אַ פאַרמעגן פון 200 מיליאָן טאַעל. ער איז געווען אַן איינגעהאַלטענער מענטש און האָט ווייניק געגעבן אויף וואוילטעטיקע צוועקן. דאָך האָט ער אויסגעבויט אַ שול, וועלכע האָט אים אָפּגעקאָסט $300,000. ער האָט אַדאָפּטירט אַכציק קינדער (50 כינעזישע, 20 רוסישע און 10 אידישע) האָט אויסגעבויט פאַר זיי אַ קינדער פּאַלאַץ, אַ שול און פאַרן טויט האָט ער געשיקט אַ פרוי אין כאַרבין צו קריגן פאַר זיין פּאַלאַץ וואָס מער אידישע קינדער. מערקווירדיק איז, אַז די אידישע עלטערן האָבן ניט געוואָלט אים געבן זייערע קינדער. די פרוי האָט מער ניט געבראַכט ווי צוויי אידישע קינדער, אָבער דערפאַר האָט זי געבראַכט אַ סך רוסישע און פּוילישע קינדער. אויך האָט ער פאַרן טויט אַסיגנירט $50,000, אַז מען זאָל איבערזעצן דעם תנ"ך און דעם קאָראַן אין כינעזיש. זיין פרוי איז אַ כינעזערין, אַ בודיסטן, איז זיין לויה געווען אַן אָריגינעלע: נאָך דער אידישער צערעמאָניע און קדיש האָט זיך אָנגעהויבן דער בודיסטישער ריטואַל מיט טרובעס, צימבאַלן, פייערווערק און פאַרברענען זיינע זאַכן. אין דער בודיסטישער צערעמאָניע האָבן אַנטייל גענומען זייערע 1000 פּריסטער. באַהאַלטן האָט מען אים ניט אויפן בית

עולם, נאָר ווי אַלע בודיסטן — ניט ווייט פון שטוב (ביי אים אין גאָרטן).

אין אַ באַשטימטן זין כאַראַקטעריזירט זיין לעבן און לויה די צעפאַלנקייט פון דער ספרדישער קהלה. זי איז שוין אַלט, צעפוילט, און מוז זיך אָפּפרישן, צו זיך קומען, מיט נייע פרישע בלוט. און די אשכנזים האָבן שוין צו איר אויסגעשטרעקט די האַנט — עס בלייבט נאָך צו זען, צי וועלן די שאַנכאַיער ספרדים די האַנט אויפנעמען, כדי געמיינשאַפטלעך צו אַרבעטן פאַרן וואוילזיין פון די אידן אין כינע. עס מערקן זיך סמנים, אַז זיי, די ספרדישע אידן, בייטן זיך אַביסל, דערנעענטערן זיך צו די אשכנזים. ווען איך האָב אין שאַנכאַי געהאַלטן פאַר דער חברה „קדימה" אַ פאָרטראַג וועגן די חלוצים אין ארץ ישראל, זיינען געווען אייניקע פון די ספרדישע אידן, און דער העכסט סימפּאַטישער הער עזרא האָט געגעבן זיין שיינע ביישטייערונג פאַר דער חלוצים-באַוועגונג, און, לעצטנס קומען אַהין וויכטיקע שלוחים פון דער ציוניסטישער וועלט באַוועגונג און זיי האָבן געקראָגן דאָרט אַ העכסט פריינטלעכע אויפנאַמע און זיינען אַוועקגעפאָרן ווייט ניט מיט ליידיקן.

אין שאַנכאַי גיט די ספרדישע קהלה אַרויס אַ וועכנטלעכע ציי־טונג אין ענגליש „איזראַעל מעסענדזשער".

*האָנג־קאָנג*: די קהלה איז אַ ספרדישע, באַשטייט פון אַראַבישע אידן. נאָר פאַר די פיר טעג, וואָס איך האָב דאָרטן פאַרבראַכט, האָב איך צום באַדויערן קיין סך אינפאָרמאַציע וועגן איר ניט געקראָגן, און איך האָב ניט קיין קלאָרן באַגריף וועגן דאָס לעבן פון דער אידישער קהלה. די ספרדישע אידן האָבן מיר זייער פיין און האַרציק און מיט פרייד אויפגענומען, האָבן מיך צוויי טעג אומגעפירט אום צו ווייזן מיר איינע פון די שענסטע שטעט אויף דער וועלט. זיי האָבן מיך געבראַכט אין שול, די שול געפינט זיך הויך, אויף אַ באַרג אין איינעם פון די פּאַטישסטע געגנטן פון שטאָט. זי איז אַרומגעצאַמט מיט אַ שיינעם אייזערנעם צוים. פון דער ווייטנס זעט זי אוים ווי אַ פּאַלאַץ פון טויזנט און איין נאַכט. אַרום און אַרום גראָז, פאַרשיידענע בלומען אוןביימער. די שול שטייט אין אַ שיינעם גאָרטן. אַלץ אַזוי ריין, שיין, ס'שמעקט אַ פאַרגעניגן. אין דער הויך ציען זיך די שאָטנס פון באַרג אַזש

אין די וואָלקנס אַריין, און אונטן, גאָר אונטן איז אויסגעשפּרייט אַזוי ווייט, ווי דאָס אויג קען כאַפּן, דער אינדישער אָקעאַן. און דאָ געפינט זיך אַ אידישע שול. גלויבסט קוים דיינע אויגן. און פאַר דער שול אַ שטיין. אַ גרויסער שטיינערנער טאָפּל און אויף אים איז אויסגעקריצט, אַז די שול האָט מנדר געווען קאַדורא (דער באַוואוסטער שאַנכאַיער מולטי מיליאָנער) אין אָנדענק פון זיין פרי פאַרשטאָרבענער פרוי, וועלכע איז אומגליקלעכערווייז פאַרברענט געוואָרן אין צייט פון אַ פייער ביי זיי אין שטוב. און די שול אליין! דאָס איז אַ זעלטענער אַנטיק פון שול אַרכיטעקטור. דאָ זיינען קיין מיטלען ניט געקאַרגט געוואָרן אום צו מאַכן איר שענער. אַ מיניאַטור טעמפּל אין אָריענטאַלישן גייסט. די ליכטיקייט פון די פאַרשיידענע קאָלירן צוזאַמענגעמישט מיט די שאָטנס שאַפן אַ ריין רעליגיעזע שטימונג.

נעבן דער שול איז דאָ אַ ביבליאָטעק פון ענגלישע, העברייאישע און אַנדערע ביכער. אויך זיינען דאָ אידישע פאַרשיידענע צייטשריפטן אין ענגליש. ביי דער ביבליאָטעק איז דאָ אַ לייען־זאַל און אַ אידישער כשרער בופעט.

אויך איז פאַראַן אַ קלוב פאַר עלטערע און קינדער מיט פאַרשיידענע מכשירים פאַר ספּאָרט .אויב איך האָב ניט קיין טעות, האָבן מיר די אידן געזאָגט, אַז דער קלוב האָט הונדערט אידישע מיטגלידער.

מיט קיין אידן פון אייראָפּא אָדער אמעריקע האָב איך זיך דאָרטן ניט געטראָפן, אָבער עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז אַזעלכע זיינען פאַראַן און אפשר ניט אין אַ קלענערע צאָל פון די ספרדישע.

קאַנטאָן, אויף וויפל מיר איז באַוואוסט, פאַרמאָגט אויך אַ אידישע קהלה פון אַראַבישע אידן. נאָר דאָרט ביז איך ניט געווען, און מיר איז אַבסאָלוט אומבאַקאַנט דאָס לעבן און טעטיקייט פון דער קהלה.